BIBLIOGRAFIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

**YIDDISH DRAMA AT YIVO LIBRARY**

Master negative Storage Number Y-2002- 1821.11

Goldfaden, Abraham, 1840-1908. Akeydes Yitshok : oder Mahpekhat Sedom va-'Amorah : biblishe operetta ... / fun A. Goldfadn. Varying form of title:Akedat Yitshak. Sedom va-'Amorah. Mahpekhat Sedom va-'Amorah. Akajdas Icchok. Varshe : Farlag "Bine", 1929. 97 p. /16036; NXYH00-B2884

MICROFILMED BY

THE YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

NEW YORK, NY

| | |
|---|---|
| Film Size: | 35 mm microfilm |
| Image Placemement | IIA |
| Reduction Ratio | 10X |
| Date Filming Began: | 08/19/02 |

GOLDFADEN, ABRAHAM

AKEEDES YITSHOK …

WARSAW: 1929

97 p.

א. גאָלדפאַדען

# עקידת יצחק

היסטאָרישע אָפּערעטע אין 4 אַקטן




פאַרלאַג ט. יאַקובסאָן מ. גאָלדבערג

וואַרשע, נאַלעווקי 35.

פרייז 1.80 זל.

1 9 2 9

# עקידת יצחק

אָדער מהפכת

## סדום ועמורה

ביבלישע אָפּערעטע אין 4 אַקטן און 10 בילדער.

פון

א. גאָלדפאַדען.



פאַרלאַג „בינע", וואַרשע

1929

Printed in Poland

Druk. S. Sikora i I. Milner, Warszawa



# פערזאָנען:

אברהם – אַן אַלטער פאטריארך פון כנען.
שרה – זיין פרוי.
יצחק – זייער זון.
ישמעאל – אברהם׳ס זון פון הגר׳ן.
אליעזר אָדער דמשק – אברהם׳ס אַלטער דינער.
לוט – אברהם׳ס ברודער׳ס אַ זון.
עירית – זיין פרוי.
דסלה / צקלה – זייערע דערוואַקסענע טעכטער
תבל – אַן יונגער עמיגראַנט אין סדום.
מגג – דער שופט פון סדום.
צלה – זיין כלה.
פוט – און לוד – פאָרשטייער.
אַן ענגל, עמיגראַנטן, פאָלק פון כנען, פאָלק פון סדום, ענגלען,

# ערשטער אַקט

(די בינע שטעלט פאָר אַ געגנט אין פאַלעסטינע — אַ בלויער הימל אַרקע אין אונטערגרונט אראָפּ צו דער ערד פערה פֿאַלקנס — לינקס פונם פובליקום שטייט אַ געצעלט באַדעקט מיט עגיפּטישע פאַרביקע שאַלן און טעפּיכער — לעבן דעם געצעלט אַ הויכע פאַלמע — לעבן איר אַ גראָז־באַנק — לינקס שטייט עליעזער מיט אַן אָפּטיילונג פאַסטוכער — רעכטס שטייט לוט אויך מיט אַ אָפּטיילונג פאַסטוכער — ווען דער פאָרהאַנג גייט אויף קריגן זיך ביידע לאגערן).

כאָר – שווייגט, נישט רעדן, זייט נאָר שטילער, נישט גערעדט קיין סך, האַלט דאָס מויל נישט גערעדט קיין סך.
די לינקע – נו, וואָס האַלט איר אייך אַזוי גרויס,
וואָס איר נעמט אייך קענן אונז אַזוי פיל רעכט.
רעכטע — נאָ וואָס האַלט איר אייך אַזוי גרויס,
וואָס, איר נעמט אייך אויך אַזוי פיל רעכט,
מיר זענען טרייע דינער ביים הער לוט.
לינקע מיט רעכטע – מיר זענען אברהם׳ס דינער, דער דינער פון גאָס,
זעט ווי פאַשעט איר אייערע שאָף,
נאָר אויף פרעמדע פעלדער, אוודאי פאַשעט איר, יאָ!
נישט „ „ „ „ „ מיר יאָ,
לינקע – יאָ, ווייסט, ווייסט וואָס דאָס הייסט,
יאָ דאָס הייסט דאָך גנבה, גזלה, יזלה, גנבה, באַ!

אַז פֿאַסטעכער אַ בראָווע וואָס שעמט איר איך נישט
פֿאַר דער וועלט?

**עלע** — גייט! מיר ווילן אייך נישט קענען,
גייט אייך ווייטער — גייט. (ענדע פֿון כאָר)

**לוט** — איך ווייס נישט אליעזער, וואָס דו שטעלסט דיך אַרויס.
ביזט מיין נישט ווי אַ משרת ביים פֿעטער אין הויז,
מיין פֿעטער אברהם אַליין קען מיך נישט פֿרעגן קיין קשיא,
ווי מיינע פֿאַסטעכער זיכן זיך בעסערע פֿאַשע;
דאָס לאַנד איז ברייט, גרויס איז די וועלט,
איך מעג פֿאַשען מיינע שאָף ווי מיר נאָר געפֿעלט. —

**אליעזער** — אויף דעם קען איך דיר קיין דעה זאָגן, ניין!
מעגסט דיר פֿאַשען די שאָף ווי דו ווילסט דיר אַליין.
נאָר — נישט אויף פֿרעמדע פֿעלדער — ביי דיר מאַכט
עס נישט אויס.
נאָר דערביי לייט דער נאָמען אברם, וואָס איז זער גרויס
אייך קען מען וויניג אין לאַנד — אים קען מען אַ סך
מען ווייסט אַז אין פּיצוכט איז אברם זער רייך —
נאר — זוי וועט ער זיך ערלויבן פֿרעמדעס צו בערירן.
דאָס הייסט גזלה, גנבה זיין נאָמען פֿערלירן,
אויף אַזוינע זאַכן מאַכסטו מיט דער האַנט אַוועק
נאָר אויף אַזאַ גרויסן נאָמען וואַרפֿט עס אַ פֿלעק!...

**לוט** — איך ווייס, מיין ליבער אליעזער, איך ווייס. פֿאַרוואָס,
דו ביסט אַזוי געטריי דיין בעל הבית,
דו ווייסט אַז אַלט זענען אברם און שרי זיין אשה.
און ווען זיי שטאַרבן. רעכנסטו בלייבט דיר די ירושה;
ווייל דו ביסט זיין איינציגער הויז רעגירער,
און פֿאַרגעסט אַז ס'איז דאָ אַ קרוב, וואָס זיין רעכט
איז פֿריער
איך — לוט בין דער זון פֿון אברהם'ס ברודער הרן,
איך בין זיין נאָנסטער יורש — אָט האָסטו דעם חשבון
דעם קלאָרן! —

**אליעזער** — וואַרט — מיר שפּאָרן זיך נאָר אומזיסט מיין



ליבער לויט.
דו פֿאַרגעסט אַז אברמ'ס דינסט האָט אים אַ זון געהאַט,
נאָ? — אַ זון איז ער דאָך, ווען אויך פֿון אַ בעדינטע,
און רעכטע אויף ירושה האָט ער אויך אמתע פֿערדינטע! —

**לוט** — דאָס הייסט קיין רעכטער יורש — די ליניע איז נישט
גראַד!
דאָס הייסט עפּעס יאָ אַ זון — נאָר, אַ זון — מן הצד...
פֿון אַ דינסט אין מצרים האָט ער זי באַקומען.
און ישמעאל.

**אליעזר** — שטיל — זיין קויל — מיר דאַכט איך הער אים
קומען,

**ישמעאל** — (אונטער די קוליסן) לעזער לעזער! (ערשיינט) ווייסט
פֿונוואַנען איך בין געלאָפֿן!

**אליעזר** — נאָ פֿונוואַנען?

**ישמעאל** — פֿונוואַנען? — איך ווייס אַליין נישט פֿונוואַנען —
פֿון דאַנען! —

**לוט** — פֿון דער מדבר געוויס — האָסט דען נישט פֿאַרשטאַנען,
שרה האָט אים אַרויסגעטריבן.
מיט זיין מוטער הגר, די דינסט די מצריות.
ווי האָסטו באַקומען אַזאַ גרויסן קאָפּ, מיין לעבן?

**ישמעאל** — דאָס האָט מיר די מומע שרי אַ גוט אויג געגעבן
זי איז בייז אויף מיין מאַמען — ווייסט איר פֿאַרוואָס?
ווייל מיין מאַמען האָט מער טאַקי ליעב אברם דער
בעל הבית.
שרי האָט קיין קינדער; ווייל זי איז אַלט שוין.
און מיין מאַמע האָט אים געהאַט, אַזאַ שיינעם פֿאַרשוין
(ער ווייזט אויף זיך)
און אַז די אַלטע לייט וועלן אין דעם זאַמד ליגן.
ווייל איך ירשה'נען אַלע אייזלען, קעלבער און ציגן. —

**אליעזר** — שטיל דו ווילדער! באַלד וועט מען דיך ווידער
פֿערטרייבן צום רוח.
איך בין דער עלטסטער ביי אברמען אין הויז דער יורש

לוט – זיין מאַמע איז די דינסטשיקסע – דו –ידער משית,
ער וועט מיט אייך ביידע שלאָגן כפרות.
אייגן פלייש און בלוט ווערט נישט פרעמד אזוי גיך,
איך בין זיין ברודערס זון – דער יורש בין איך.
שמעאל – בין איך. –

(זינגען)

1.

לוט – וואס דארף איך פרעגן ?
דאָס פאַרמעגן,
וואָס אברהם האָט אָן אַ שעור,
דימאַנטן
גאָלד ברילאַנטן
דאָס וועט אַלעס געהערן צו מיר,
יאָ דאָס גאַנצע גרויסע עשירות ירשהנען וועל איך,
אליעזר מיט ישמעאל – דאָס גאַנצע גרויסע עשירות
ירשהנען וועל איך.
לוט – ניין ניין ניין ירשהנען וועל איך,
ישמאל – ניין ניין ניין ירשהנען וועל איך,
אליעזער – ניין ניין ניין ירשהנען וועל איך,
לוט – ניין ניין ניין ירשהנען וועל איך,
אַלע – ניין ניין ניין ירשהנען וועל איך, (אין דער צייט
שטורכעט לוט און אליעזער ישמאלן פון ביידע זייטן אזוי אז ישמאל
מוז זיך אלע מינוט אומדרייען),

(טאנץ רעפריין),

אליעזער – זיידן, וואָלן,
גאַנצע שאָלן,
וואָס אברהם האָט אָן אַ שיעור,
גאַנצע שאַפעס
ווידער צאַפעס,
דאָס וועט אַלעס געהערן צו מיר,
יאָ דאָס גאַנצע עשירות א. א. וו. (אין דער אָרדנונג ווידערהאָלט
ווי אין דער 1־טער סטראָפע),



3.

ישמעאל – שאָף און לעמלעך,
אייזלען קעמלעך,
וואָס אברהם האָט אָן אַ שיעור,
קעלבלעך ביקעלעך,
לאָשקיס ציקעלעך.
דאָס וועט אַלעס געהערן צו מיר,
יאָ דאָס גאַנצע גרויסע עשירוה א. אַ. וו.
(ווערענד זיי זינגען קריגענדיק דעם שלוס – פאלען צו די ביידע
פארטייען פאסטוכער און פאנגען אלע הייבן אן צו זינגען דאס
כאר פון נמ׳ 1 – ביז צו די ענדע – בלייבן אלע שטיל –
לויט דעם סיגנאל פון דער מוזיק; ווייל זיי דערהערן פון דער-
ווייטן די שטימע פון)
אברהם – (זינגענדיק) נאָר שלום, נאָר שלום איז וואס מיר
געפעלט,
אויף שלום, אויף שלום אויף דעם האַלט זיך די גאַנצע
וועלט (אברהם דערשיינט)
כאָר – (פיאַנע) זיי אונז מוחל גרויסער הער מיר זענען נישט
שולדיק אין דער קריגן,
זיי אונז מוחל גרויסער הער מיר וואָלטן געווען געשוויגן
זיי ווילן זיך נאָר קריגן – זיי – נאָר און זידלען זיך,
אברהם – (רעטשעטאטיוו) זייט נאר שטיל מיינע לייט אויף דעם
אָרט.
הערט איר נאָר אויס הערט אייך נאָר צו מיין ווארט,
איר ווייסט דען נישט..
אַז מיר זענען אַלע קינדער פון איין גאָט.
און מיר זענען ביידע ברידער מיט אונזער לוט
פאַרגעסט נאָר נישט,
אַז די וועלט איז ברייט און גרויס
גאָט שפייזט דאָך פון קליין ביז גרויס,
פון דעם גרעסטן ביז אין דעם פליג,

פאַר אונדז, פאַר אייך. פאַר אונדז אַלע, וועט נאָך
בלייבן, ווייס איך, גאַנץ גענוג.
נאָר שלום, נאָר שלום איז וואָס מיר געפעלט.
אויף שלום, אויף שלום דעם האַלט זיך די גאַנצע
וועלט.

(אַלע גייען אַפּ אויסער לוט)

(ענדע געזאַנג)

א ב ר ם (צו לוטן) ווּהין גיהער זיך דאָס קריגן, עס איז נישט
שען דער גערידער,
פאַרגעס נישט לוט, מיר זענען דאָך מענטשן — ברידער,
ל ו ט (בייז) יאָ ברידער,
א ב ר ם — אמת, פאַר די גרויסע טשערעדעס שאָף, וואָס מיר
ביידע פאַרמאָגן,
איז דאָס לאַנד צו קליין, אונז ביידע קען עס נישט פאַר-
טראָגן,
די וועלט איז גרויס גענוג, מיר קענען זיך צושיידן,
און יעדער קען זיך אין זיין ווינקל פּאַשען זיינע שאָף
אין פריידן! —
נאָר מיין נישט אַז איך ווּנטש נאָר דאָס בעסטע, די
ברירה שטעל איך דיר
געסטו רעכטס, גע איך לינקס — דו מעגסט דיר אויס-
קלויבן פריער! —
ל ו ט — אַט — עס פאַלגט דיך, פעטער, דער זון פון דיין
ברודער הרן,
דאָרט ווו דער ירדן באַנעצט די גרינע שיינע פלאָרען,
דאָס בליענדע לאַנד איז פאַר מיר די בעסטע סחורה,
איך האָב לאַנג גיהערט פון דעם רייכן סדום און עמורה,
ווו גאָלד און זילבער און ברויק איז דאָ פיל, צופיל,
אַהין גיי איך אַצינד — דאָרט איז לאַנג מיין ציל —
און דו, בלייב דיר דאָ מיט דיינע לייט, וואָס דו האָסט חשק,
דיר איז ליבער ס'זאָל דיך ירשהנען דיין משרת דמשק,



אָדער ישמעאל, די ווילדע בריאה מיט די לאַנגע אייזל-
אויערן,
אַ מצרי, אַ פּוילע זאַך פון אַ פּראָסטע דינסט געבוירן,
(אַב בייז)
א ב ר ה ם (אליין—נאַכדענקענד) אָ דער ביטערער פאָרוואורף — נישט
איין שלאָפלאָזע נאַכט
האָט ער מיך געקאָסט — נישט איינמאָל האָב איך געטראַכט:
וואָס טויג דיר דיין גאַנץ רייכטום זילבער, גאָלד און רינד'
אַז דו ביזט עלענט ווי אַ שטיין, אָן אַ רעכט איינציק קינד,
אַ קינד, וואָס איך זאָל ערציען מיט מיין ליבע שרהן,
וואָס האָט מיט מיר צוזאַמען פאַרבראַכט די בעסטע יאָרן,
אַ קינד, וואָס זאָל זוכה זיין פון אונז ביידע צו שטאַמען,
נישט פאַרפלעקן נאָר ערע מאַכן מיין פערדינטן נאָמען,
אַ קינד פון חכמה און גייסט, וואָס זאָל זיין אויך אומ-
שטאַנד,
צו ירשהנען מיין פערמעגן, ערוואָרבן דורך גייסט און
פערשטאַנד...
דאָס, וואָס איך האָב געפאָרשט און דערגאַנגען אויף קלאָר,
אַז ס'איז דאָ אַ גרויסער מייסטער איבער דער נאַטור,
אַז אַלץ וואָס איז געווען, וואָס איז דאָ און וועט ווערן,
אין וואַסר לופט און ערד, זון, לבנה און שטערן
זענען ערשט שלוחים פון אַ שעפער אַ לעבעדיקן,
וואָס ער האָט נישט קיין אָנפאַנג און וועט זיך קיינמאָל
נישט ענדיקן,
און אַזאַ יורש האָב איך געבעטן וואָס ער זאָל פאַרפלאַנצן
ווייטער
פון דור צו דור די תורות פון זיין פאָטער... (פויזע)
ש ר ה — קען עם דען הייסן בוים, זען ער לאָזט נישט אַרויס
קיין צווייגן?
קען ער דהייסן קוואַל, ווען זיינע וואַסערן שטייען און
שווייגן?
קען איך הייסן מענטש. דעם שעפערס ווערק דאָס שענסטע?

דיין אייגן ווערק צוברעכן, מייסטער, קענסטו!
און דאָס טוסטו דיין טרייען דינער? — גאָרניש, גאָרנישט
אַרט דיך?!

דאָס פרעג איך ביי דיר, מיין גאָט! און אויף איין ענטפער
וואַרט איך.

(פאַנטאַזירט — בעט — זינגט)

אָ גאָט גערעכטער!—
שווער מיר:—עס בעט ביי דיר — דיין טרייער דינער —
איז דען נישט אין רעכטן וועג פאַר דיר געגאַנגען,
האָב איך דען נישט פאַרדינט זאָלסט מיר טון
מיין פאַרלאַנגען,

און דיין שרהן, זע אויך איר געוויין,
זיין נויט און צרות קען איך נישט צוזעצן (פויזע)
האָסט אים געהאָלפן אָן צאָל,
טו אויך חסד אונז אַצונד,
טו אונז גאָט נאָך דאָס מאָל,
גיב אונז נאָך איין אייגן איינציק קינד,

(פאַנטאַזירט — ליד)

אָ, ווי אומגליקלעך פילט זיך דער מענטש, ווען ער
בלייבט אין זיין צעלט
מיד פון זיין לעבן אליין—און דאַרף גיין פון דער וועלט,
און אויף די עלטערע יאָרן
בלייבט ער עלנד גאָר
אָן כח און אן געזונד,
און אָן איין איינציק קינד — יאָ, אָן איין איינציק קינד—
ווער קען אים טרייסטן, ווען ער ווערט נעבאָך קראַנק,
ווער וועט אים באַגלייטן, ווען ער גייט דעם לעצטן גאַנג..
זיין קבר שטייט אין פוסטע פעלדער איינער אליין...
קיין טרער פון אַ קינד באַנעצט קיינמאָל דעם גלאַטן שטיין...
פאַרגעסן, פאַרלוירן ווערט זיין נאָמען אויף אייביק און
אָן אַ קינד, אָן אַ קינד! —



4.

פאַרבראַכט האָב אין מיין בעסטע צייט — מיין לעבן,
מיין וועלט,
אַך: געאַרבעט מיט בלוטיקן שווייס, צו זאמלען גוטס
און פיל געלט,

גאָט האָט געבענטשט מיין הויז,
מיין פאַרמעגן איז גרויס,
וואָס טויג עס מיר אַצינד,
אָן אַ יורש, אָן אַ קינד,
יאָ, אָן איין אייגן איינציק קינד,
חי וועט אַהינקומען מיין גוטס ווער ווייסט ווו.
ווער וועט אויפעסן מיין פאַרהאָרעוועטע מי,
נעם עס דיר צו, גוטער גאָט. נעם עס צוריק,
איך דאַנק דיר זייער גוטער גאָט פאַר דיין גליק,
וואָס טויג מיר מיין פריר, און מיין היינט און מיין
שפעטער אוי אָן אַ קינד, אָן אַ קינד. —

## טאבלאָ — מעלאָדראַמא

ער ווערט פאַנגעדרימלט אויף דער גראָז־באַנק דעם קאָפּ אויף דער הענט געשטיצט אויף דער קניע — אין דער פרקע פון דעם הינטערגרונט לאָזט זיך אראָפּ איין ענגעל אין דער געשטאַלט פון אַ קליין קינד בלייבט העגנען אין דער לופט — דאָס קינד חזרט איבער די ווערטער פון אברהמס ערשטן טרוים — ווערנד דאָס קינד דעקלאַמירט — ערשיינט אַ טראַנספּאַרענט בילד, וועלכעס שטעלט פאָר ווי די יידן אַרבעטן שווערע אַרבעטן אין מצרים ווערענד זיי בויען די שטאָט פיתום מיט רעמסס.

דאָס קינד רעדט!

ידע תדע כי גר יהיה זרעך בארץ לא להם,
ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה.
וגם את הגוי אשר יעבדו דן אנכי.
ואחרי כן יצאו ברכוש גדול.

דאָס בילד פאַרשווינדט. עס ערשיינט אַן אַנדער טראַנספּעראַנט בילד וועלכע שטעלט פאָר אַלע יידישע קעניגן. אנהויב פון יוסף, שאול, דוד, שלמה. א.אז.וו. מענכע זיצן אויף שטולן, טייל שטיין, דאָס קינד דעקלאַמירט:

לא יקרא עוד את שמך אברם, והיה שמך אברהם,
כי אב המון גוים נתתיך והפרתי אתך במאד מאד,
ונתתיך לגוים ומלכים ממך יצאו — וכו׳
שרי אשתך! לא תקרא את שמה שרי כי ש ר ה שמה.
וברכתי אתה וגם נתתי ממנה לך בן.
וברכתיה והיתה לגוים מלכי עמים ממנה יהיו. —

דאָס בילד פאַרשווינדט, דאָס קינד פאַרשווינדט אין דער הויך צוריק.

א ב ר ה ם וואַכט לאַנגזאַם אויף. עפנט די אויגן, קוקט זיך אַרום, ער טוט פלוצלינג א ציטער „הא״, אין דעם מאָמענט פילט ער ווי אַ האַנט לייגט זיך לייכט אויף זייגע שולטערן ער קוקט זיך אום און דערזעט שטיין נעבן אים שרהן, ער קוקט זי אָן אַביסל פאַרווירט.

ש ר ה ביסט געשלאָפן אברם — איך האָב דיר געשטערט?
דו ווייסט דאָך אַז דיין רוען האט ביי מיר אַ ווערט —
שוין צייט אויף דער עלטער זאָלסט זיך אויסרוען כ׳לעבן
גענוג, גענוג האָסטו זיך געפּלאָגט אין דיין לעבן —
דיין פלייס האָט זיך געקריינט מיט גרויס עשירות,
דיין קאָפּ איז שוין אויך מיד פון דיינע טיפע חקירות,
וואָס נאָר דיין גרויסער גייסט האָט דאָס בעגריפן,
(נישט איינמאָל פלעג איך דיך זעען אין געדאַנקען פאַרטיפן)
ביז דיין שאַרפער שכל האָט דעם הימל געשפּאָלטן,
האָסט געזוכט און געפונען וואָס דאָרט ליגט באהאַלטן,
באַהאַלטן פון יעדן מענטשנס אויג און פאַרשטאַנד...
מיט דיין חכמה ביסטו אַזוי ווייט געגאַנגען דאַנט אין האַנט
האָסט פאַסירט מיט איר אַלע ערהאָבענע גייסטער,
ביז דו האָסט ערפינדן דעם גרויסן מייסטער,
וואָס הימל אין ערד און אַלץ וואָס איז דאָ שאַפט,



אַזאַ כאַפּיטע אַרבעט פון גייסט און פון קראַפט,
געזאַמלט פון פיל דערפאַרונגען אין יאָרן,
איז נישט אַ שאָד, זאָג, אברהם, איז נישט קיין חסרון,
אַ ס׳זאָל גענצליך אָפּגעווישט און פאַרגעסן ווערן,
מיט דער מינוט ווען דו וועסט אויך צו לעבן אויפהערן?
האָסטו דען ערפינדן די גאָטהייט פאַר דיינעטוועגן נאָר?
נישט פאַר דיין ווייב, פאַר דער וועלט — פאַר אונדזערן
אַ דור!...
דו האָסט אַ מאָל געזעען אין די פלאַנעטן — אַז דיין ווייב
שרה,
ווי זיי האָבן באַשטימט — מוז בלייבן איין עקרה—.
נו? — איז דען גאָט נישט גרעסער פון אַלע מזלות —
ער מוז דאָך קענען ענדערן זייערע בהלות!...
וואָס זאָגט דיין גאָט?
א ב ר ה ם — איך האָב אים געפרעגט וואָס ער טוט,
ש ר ה — און?
א ב ר ה ם — און זיין ענטפער קענסטו לייגען אין מיין פרייליכן
געמיט,
הער אויס; עס איז מיך באַפאַלן אַ זיסער דרימל,
נאָר—וואָך איז געווען מיין גייסט, ער האָט געשוועבט אין
הימל,
און פאַר גאָטס שטול זיך געוואָרפן געבעטן און געקלאָגט
ביז ער האָט דערהערט מיין תפלה און מיט זאַנפטע רייד
געזאָגט:
האָסט געפועלט מיין טרייער קנעכט, געהאָלפן וועסטו ווערן;
קיין הער ענטדעקט זיין סוד, נישט אַ דינער וואָגט צו
פרעגן,
נאָר ווייל דו ביסט ערליך, פרום און טריי דינסטו דיין
הערן,
וועל איך דיר איין עפּיס ענטדעקן פון מיינע פאַרבאָר-
גענע וועגן,
און האָט אַ לייכטן רוק געטון דעם צוקונפטס פאָרהאַנג
דעם טונקלען.

פאַרשידענע פייערן האָבן אין מיינע אויגן אָנגעהויבן צו פינקלען,
און ווייס — העס ווייס זע איך אַ בילד: מענטשן אין די מיליאָנען,
ווי שטערן אין הימל זע איך דורות — נאַציאָנען,
פיל אַרבעטן פלייסיק גרויסע גאַנצע מויערן,
(דען נאָר פון ערלעכע אַרבעטער ווערט אַ פאָלק געבוירן)
עס וואַקסן גאַנצע שטעט — לענדער צו באַוואוינען,
עס אַנטשטייען גרויסע קינסטלער אויך קעניגן מיט קרוינען,
און אַלע מחנות אין איינעם, אַלע אין איין רימעל,
קוקן אַרויף אַהין און לויבן איין גאָט אין הימל —
די אַלע האָס דו זעסט וועט אברהם פון דיר שטאַמען.
פון דיר יאָ מיט דיין שרהן פון אייך ביידע צוזאַמען —
**ש ר ה** צו מיינטסטו מיך צו טרייסטן מיין שמערץ מיט דעם צו פאַרגלעטן ?
צו מיינסטו גלאַט פון מיר צו לאַכן און צו שפעטן.
**א ב ר ה ם** איך בין דיר מודה — אָנפאַנגס האָט עס מיך אויך גווינדערט.
אַ קינד ? נאָך ביי די יאָרן ? — דו ניינציק און איך — הונדערט ?
נאָר איך בין שטענדיק, ווייסט דאָך געווינט אין גאָט צו גלייבן.
יאָ. „יצחק״ ! האָט ער געהייסן אונזער קינד אַ נאָמען געבן ! —
**ש ר ה** צו פאַרשטיין אַזאַ גרויסע זאַך איז מיר ווייניק שכל געגעבן,
נאָר דו האָסט דאָך מיך געלערנט — גלייבן — און גלייבן ! —

די נאַכט פאַרגייט, עס פאַנגט אָן צו טאָגן. זיי זינגען.רועט.

**א ב ר ה ם** סאָלאַ וואָס זאָלסטו שווער דיר מאַכן אַליין דאָס האַרץ.
געהאָלפן קען ווערן דיין טיפער שמערץ,
ענטפערט דען נישט יעדן גאָט — ווען ער בעט,



איז דען זיין ישועה אַמאָל צו שפעט.
האָפן דאַרף מען תמיד אפילו ביז צום טויט,
אַז העלפן וועט אים גאָט אין יעדער נויט. —
**ש ר ה** יאָ, יאָ, איז דען דאָס אַ מעגלעכקייט,
דו ביי 100 יאָר,
איך ביי 90 יאָר,
זאָלן קינדער האָבן גאָר — יאָ — אַזאַ-נ-אַלט פאָר,
**א ב ר ה ם** — — — — — — — — — — — —
איך וויל דו זאָלסט נאָר גלייבן,
— — — — — — — — — — — — —
וועלן מיר געוויס דאָך זעען
ביי גאָט איז דאָך אַלץ מעגלעך,
הלוואי — — — — — — — — — —
זעע נאָר
האָף נאָר
גלייב נאָר
צו אים
וועט דיר
גוט זיין
נאָר פאָלג מיך,
נאָר פאָלג מיך,
אַי וועט עס דאָך אַ שען וווינדער זיין !
— — — יאָ, — — — — — — —
**ש ר ה** עס איז מיר שווער צו גלייבן,
עס זאָל מיט אונז אַזוי געשעען,
נאָר אַז מיר וועלן לעבן.
וועלן מיר געוויס דאָך זען,
— הלוואי — — — — — — — — —
ביי גאָט איז דאָך אַלץ מעגלעך,
איך פאָלג דיך,
איך פאָלג דיך.
באָר אים,

נאָר אים,
וועל איך,
גלייבן,
וועט מיר,
גוט זיין,
— — — יאָ — — — — — — — — —
אָי וועט דאָס אַ שען ווינדער זיין.
ב י י ד ע — יאָ! ס׳קען זיין אַ מעגליכקייט,
איך בין 90 יאָר.
דו ביי 100 יאָר,
וועלן קינדער האָבן גאָר — יאָ,
לאָמיר זיךביידע נאָר טרייסטן,
דאָס בעסטע וואָס ס׳קען זיין,
לאָמיר ביידע האָפן,
וועלן מיר דאָך גליקליך זיין,
גליקלעך זיין — יאָ זיין — — (ביידע אב אין געצעלט).
א ל י ע ז ר — (קומט אָן רעכטס נאָכדענקנט) בעט גאָט, בעט! בעלי
בתים מיינע טייערע!
בעט, וויפל איר וועט אויסלעבן די יאָרן אייערע,
איך העלף אייך אויך אין דער ערד שלאָגן מיט מיין
שטערן,
טאָמער וועט אייך דאָך גאָט אַ רעכטן יורש באַשערן;
דער גאָט וואָס האָט אייך ליב, באַווייזט אייך שטענדיק
ווינדער,
לאָז ער אייך שענקען אויף דער אַלטער — ווען נישט
פיל קינדער,
כאָטש איינס — אַ געראָטענעם — אַ רעכטס — אַ פיצעני-
יאַניקעלע,
ער זאָל קענען מיט זיין מיילכן זאָגן שרה׳ן: מאַמאַ-
ניקעלע!״
אַבי דער שמאָלעק זאָל דאָ ווערן אין הויז אויס מיוחס,
לאָז ער גיין מיט זיין הגר קיין מצרים צו אַלדע רוחות,



דען; ווען איך וועל נאָכאַמאָל הערן ווי ער רופט מיין
הער — „טאַטע״,
וועל איך אים זיינע ליפן אָפשניידן,
י ש מ ע א ל — (פון אונטער די קוליסן) לעזער, לעזער!
א ל י ע ז ר — האַ ער קומט דער אייזל דער טאַמעוואַטע,
י ש מ ע א ל — (אויפטרעטנדיק) טרעף וואָס איך האָב דערקוקט מיט
מיינע צוויי אויגן?
ווי איך וויל אַזוי שיסן מיט מיין פייל און בויגן,
דערזע איך פון וויטן — העט וויים — אַי, אַי אַי!
דערזע איך גיין דריי — איינס צוויי, דריי!
א ל י ע ז ר — וואָס דריי?
י ש מ ע א ל — טאַקע דריי שטיק וואַנדערער פונדערווייטן גיין,
זיי וועלן געוויס ביי אונז דאָ אָנשטעין,
וועלן מיר ווידער מאַכן אַ סעודה׳ אַ פעטע,
און איך וועל ווידער קייען פרישע פלעצל מיט סמעטענע
דו און דער אַלטער וועלן קוילן אַ לאַם,
און איך און די אורחים וועלן מאַכן הם! הם! —
א ל י ע ז ר — (נאָכדענקנדיק) און די בריאה זאָל ירשענען אברהם׳ס
גרויס פאַרמעגן?...
מעגן אַלע דינערשאַפט אויסשטאַרבן? — — מעגן,
אַלע טשערעדיס קראַפירן — דאָס גוטס איינשלינגען די
ערד,
איידער הערשן איבער זיי זאָל אַזאַ ווילד פערד,
י ש מ ע א ל — לעזער! לעזער!
טו דיך נישט קיין בייזער!
דו זיי נאָר מיט מיר חבר ווי מיין אייזל, וועסטו זען,
אַז יוען די אַלטע וועלן דאָ אין זאַמד אַריינגיין,
וועל איך זיין דיין בעל הבית און די מיין משרת,
וועל איך דיך אָנשטאָפן מיט גאָלד אַזוי ווי אַ פאַס,
דו זאָלסט מיר שטענדיק נאָכגיין פוס ביי פוס,
און אַז איך וועל עפעס עסן אָדער געבן אַ ניס,
זאָלסטו האַלטן שטענדיק אַ שמאַטע אין דיין דאַליאָניע,

און מיר באַלד אָפּוואַשן די פֿיס מיט דער נאָגיע
אליעזר — (ביז) גיב אַהער דיין
איך נעם דיר באַלד דעם קאָפּ אויף אַראָפּ
ישמעאל — (דערשרעקט זיך) אַי, אַי, אָי! ער שנייט! — גוואַלד!
אברהם — (קומט אַריין פון געצעלט) דמשק! עס ווערט מיר אַזש קאַלט...
אליעזער — (פאַלט אויף די קני) אדוני!
אברהם — — — דער טאָג איז יעצט שטאַרק הייס און...
ישמעאל — (ווייזט אויף זיינע ליפּן) ער, ער, ער, מאַם מאָם! —
אברהם — שטיל! (מען הערט פונווייטן שטימען פון וואנדערער — אלע בלייבן שטיין און הערן זיך צו — די וואנדערער גייען אַריין זינגענדיק)

מיר וואַנדערער זענען דריי,
מיר לויפן און גייען פריי,
אויף בערגלעך און טאָלן,
נאָר אויפצעמאָלן,
און זינגען זיך אויף דערביי
אברהם — אַך וואַנדערער גייט נישט פונדאַנען
קומט רוט אייך אויס, דאָ ביי מיר.
וואַנדערער — מיר מוזן דאָך ווייטער באַלד גיין,
מיר קענען נישט בלייבן ביי דיר
מיר מוזן גיין ווייטער,
אברהם — — — — נאָר נישט געגאַנגען,
בלייבט דאָך אַביסל ביי מיר,
וואַנדערער — וואָס וועט געשעען,
מיר ווילן נישט גיין,
און ווילן טון דיינע פאַרלאַנגען
מיר מוזן גיין ווייטער
אברהם — — — — נאָר נישט געגאַנגען.
וואַנדערער — מיר קענען נישט בלייבן דאָ לאַנג,
אברהם — ערפרישט אייך זייער ווייניק און גייט אייך אייער גאַנג!



(וואנדערער זינגען)

מיר זענען דאָך דיינע געסט
מיר ווילן די דאָס איבערצייגן גאַנץ פעסט.
יאָ, יאָ, יאַ! לי
גוט און פיין ביסטו דאָך זער
פאַר דער אויפנאַמע,
זער גאָר דאַנקען מיר די אַלע
אַ דאַנק אַ דאַנק אַ דאַנק דיר (זיי זעצן זיך אַלע דריי אויף דער גראָז־באַנק לעבן דעם בוים — אליעזר באַפּט וואַסער און וואַשט — — —)

אברהם — איר ווייסט נישט ווי גרויס איז מיין שמחה ליבע געסט!
איר וואַשט אייך די פיס און געניסט פון דאָס בעסטע —
וואָס מיין קיך פאַרמאָגט (צו אליעזרן און ישמאעלן) קומט מיט מיר אליעזור ישמעאל קומט מיט מיר (אברהם אליעזר אב)
ישמעאל — גיי לייזער גיי דו פריער (בלייבט שטיין – צו די געסט)
האָט ווער פון אייך נאָר אַ גוטן מאָגן?
קענט איר נאָר גוט קייען? — שעמט אייך נישט איר מעגט זאָגן.
אָט וועל איך אייך אויסרעכענען: געזונטע פּיפּקעס! — שאָפענע קעפּלעך!
קעלבערנע לעבער! מיט קיין פרישע קרעפּלעך!
(מען הערט יעדעס מאָל אונטער די קוליסן שרייען און רופן „ישמאל" ! און ער רופט זיך אָן ביי יעדעס מאָל רופן:)
אָט לויף איך! (צו די געסט) געזונטע פיסלעך, אייטערס, ניערן,
פרישע פלעציל (מען רופט) אָט לויף איך! געפרייגעלטע געהירן (מען רופט)

אָט לויף איך! (אב)
אברהם — באַלד ווערט אַלעס פערטיג! זאָגט נאָר מיינע ליבע לייט.

ווּהין ליגט אייער וועג? האָט איז צוגיין נאָך ווייט?
א י נ ע ר (פון די וואנדערער) נישט אַלע האָבן מיר גראַדע איין
וועג,
איינער מוז אין סדום זיין אין אייניקע טעג.
א ב ר ה ם — אָ סדום און עמורה! אָ די שטעט פיל מיט חטאים.
גאָט'ס שטאַרקע שטראָף הענגט איבער די רשעים,
און וויפל איך האָב גאָט געבעטן פאַר די מזיקים,
קען מען אים נישט אויפווייזן כאָטש פינף צדיקים —
י ש מ ע א ל — (קומט אַריין טראָגנדיק עסן) היט אייך איך טראָג!
אברהם אָב אין געצעלט) רינדס בראָטן!
נאָר עסט נישט צו פיל עס זאָל אייך נישט שאַטן,
(קינדער עס נישט)
נאָ? — וואָס עסט איר נישט — אָט וועל איך אייך
ווייזן ווי אַזוי —
(ער עסט אַלעס אויף)
אָט אַזוי, אָט אַזוי — ניין ס'איז נישט פאַר אייך — ס'איז
דאַכט מיר רוי —
(מען רופט ישמאלן)
אָט לויף איך — ווילט איר נאָך עפּעס עסן? — זאָגט
ניין,
(מען דערלאַנגט אים פון דעם געצעלט, ער נעמט)
היט אייך איך טראָג! — דריי צינגען מיט כריין,
(ער עסט זיי אויף)
איר פּרוּווט דעם כריין — און איך וועל מיר אַ ביס טון
די צונג, (עסט)
נאַ? — וואָס עסט איר נישט — די וועלט זאָגט אַ ווערטל —
פאַר מיר אַ ווינק:
איין אָקס האָט אַ לאַנגן שופר און קען קיין צונג נישט
בלאָזן (מען רופט)
אָט לויף איך! בראָש פליען זיי אַזוי שנעל אַזוי ווי די
האָזן.
(ער גייט צו צום געצעלט, און נעמט)



היט אייך, איך טראָג! — סמעטענע! — מיט אַ קיכן
וואַרט, וואַרט! כאַפּט נישט — איך וויל פריער פאַרזוכן
טאָמער איז דאָס געריננען — איז פאַר אייך נישט קיין מאכל
עס קען נאָך חלילה אָנהייבן צו גרימען אין בייכל *)
אַי איז דאָס גוט (ער באַלעקט זיך מיט די צונג — נאָר ווישט
נישט אָפּ די סמעטענע)
איך זאָג אייך ס'איז אַ מחיה!...
א ל י ע ז ר קומט אָן, דערזעט אים פאַרשמירט, וואָס טוט ער? —
קוק אָן: — די ווילדע חיה.
י ש מ ע א ל אויסגעשמירטערהייט אוי, איז דאָס הונגעריקע פאַר-
שוינען, זיי האָבן נישט געלאָזט אַפילו אַ ביסל,
אַלצדינג האָבן זיי אויפגעפרעסן — אויסגעלעקט די שיסל.
א ל י ע ז ר: אַזוי נעמט מען אויף געסט! — אַ שיינער בעל-
הבית! וואל!
י ש מ ע א ל זאָל מיין עזל מיך צוטרעטן, אויב איך האָב גע-
האַט אפילו אין מיין מויל, ער טוט זיך מיט זיין האַנט אַ קלאַפּ
איבער זיין מויל, דערפילט ער די סמעטענע. ער ווישט זיך גאָך אָפּ.
א ב ר ה ם קומט אָן האָט קיין פאַראיבל, ליבע געסט, מיר גיבן
אייך דאָס, וואָס מיר פאַרמאָגן,
ווינשט איר נאָך עטוואָס — איר דאַרפט נאָר זאָגן! —
ד ע ר ע ל ט ס ט ע ר פון די וואַנדערער מיר דאַנקען! — נאָר ווי
איז אייער ווייב שרה, מיר ווילן זי זעען.
איר אויך דאַנקען און בענטשן איידער מיר וועלן גיין.
א ב ר ה ם זי זיצט מייסטנס באַהאַלטן אין איר געצעלט.
די פרומע פרויען ווייזן זיך זעלטן פאַר דער וועלט,
אָט איז זי, שרה ערשיינט אויף דער טיר פון דעם געצעלט, אַלע הויבן

*) אין אַמעריקע און אין רומעניען מעג זיך דער קאָמיקער ערלויבן
די פאַנטאַזיע צו מאַכן — וואָרום ער שטעקט אַריין דאָס מויל אין שיסל
סמעטענע שמירט ער זיך אויס די ליפּן מיט דער נאָז מיט סמעטענע און אַזוי
יעט ער ווייטער.

זיך אויך, דער עלטסטער נעמט ארויס א גאַנצע צווייג פון א פּאַלמע, רייבט זי אויף און זינגט. רעטשעטאַמיוו.

דער עלטסטער וואַנדערער (רעטשעטאַטיוו) הערט מיך אַלע אויס
איידער מיר גייען,
הערט פון מיר אַזוינס אַז ס'וועט אייך פרייען,
פאַר דער צייט, וואָס מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט,
און איר האָט אונז פאַרגעניגן געמאַכט, (פויזע)

(אריע)

מיינע ליבע לייט,
פאַר דעם שטיקל צייט,
וואָס איר האָט אונז אַלע אויפגענומען ;
וואָס זאָל איך אייך ווינשן,
זענט איר רייך,
מיט אַלס געבענטשט פון גאָט ! —
איינס פעלט אייך צום גליק,
אַ קינד נאָר אַן אַנטיק,
פרום זאָל עס זיין, ערליך, קליג און שיין,
ווייסט זשע יעצט אויף קלאָר :
פון היינט ביז איבער אַ יאָר
כעת חיה ולשרה בן — !!! —

ש ר ה און י ש מ ע א ל — (לאַכן זינגענדיק) כאַ כאַ כאַ ! דאָס
קאָסט מיך אַ קליינעם לאַך,
פאַר אייער שפּאַס מיין ליבער גאַסט
דאַנקען מיר —
דאַנקען מיר אייך,
כאַ כאַ כאַ ! דאָס קאָסט מיך אַ
קליינעם לאַך,
פערציילט מיר גאַסט ! — פון אייער
שפּאַס מוז איך לאַכן
און לאַכן אַ סך.

א ב ר ה ם — פערציילט מיר גאַסט ! — פון אייער שפּאַס מוז
איך נישט לאַכן נישט לאַכן קיין סך !



וואַ נ ד ע ר ע ר מיט א ל י ע ז ר ׳ ן — וואָס איז דאָס פאַר אַ לאַכן
קען זיך דען אַמאָל נישט טרעפן
אַז נאָר אויף דער עלטער זאָל מען געהאָלפן ווערן ?
וואָס איז דאָס פאַר אַ ווינדער,
האָבן קען מען אויך קינדער,
יאָ מעג זיין אויף דער עלטער ווען גאָט וויל נאָר
באַשערן !

(די אָררגונג פון דעם שלוס אַקט :)

1) שרה — ווידערהאָלט דאָס לאַכן פון „כאַ כאַ כאַ״ ! — [illegible] —
„לאַכן אַ סך״.

2) דער וואַנדערער — ווידערהאָלט זיין ווונש פון „מיינע ליבע לייט״ —
ביז — „ולשרה בן !״ —

3) אַלע דריי וואַנדערער — הייבן זיך אויף און ווידערהאָלן זייער [illegible]
פון „מיר זענען דיינע געסט א. ז. וו. — גייען זיי זינגענדיק [illegible]
צו דער אַרקע און שטעלן זיך ארויף אויף די וואָלקן וואָס ליגן אויף דער
ערד — זיי הערן נישט אויף צו זינגען ביז צום שלוס.

4) אויף דער וואָלקן אַרקע שטייענדיק : וואַרפן זיי אַלע [illegible]
מענטל מיט די קאַפּישאַנעס עפּעגען אויף די פליגל — [illegible] זיך [illegible] די
הענט אויף די אַקסלען.

5) די וואָלקן הייבן זיך אויף און פאַרשווינדן [illegible] זיי אין הימל — די
גאַנצע צייט זינגען זיי דעם דועט ביז מיטן הימל גייען זיי ארויף — ד.
פאַרזאַנגען וואָס שטייען אונטן, ליגן מיט די פּנימער צו דער ערד, — דאָס
בילד הערט בעלייכטעט מיט ביאָלעט פייער —.

דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם.

—

# צווייטער אַקט

(פרימאָרגן. — שטעלט פאָר אַ בליענדע געגנט — אויף צווײ הויכע בערג, ארומגערינגלט מיט איילבײמער ליגן די שטעט סדום און עמרה — ביים אריינגאַנג פון דער שטאָט אויף אַ בערגל לאַגערן וואַנדערער מיט געלאָדענע קעמלען — די סוחרים זיצן אין אַ ראָד אויף דער ערד, עסן און שמועסן צווישן זיך — די גאַנצע געגנט איז ארומגערינגלט מיט אַ שטיינערנע מויער אָדער, פאַרק, אויף דער בינע איז אַזוי נידריק אַז דעם גאַנצן לאַנדשאַפט פון דעם געגנט קען מען דייטליך ארויסזעען — לינקס פון די צושויער איז אַ הויכער גרויסער טויער, אריינגאַנג אין דער געגנט — פון איין זייט מויער נישט ווייט זעט מען ארויס דער פאַעאַר פון אַ הייזל דאָרט וווינט לוט פון דער אַנדערער זייט מויער שטייט אַ שטיינערנע שטול מיט איין טרעפל, אויף וועלכער עס זיצט דער שופט ווען ער משפט — רעכטס פון די צושויער אין עק פאַרק שטייט אַ בערגל, ביים פוס פון דעם בערגל — אַ ברונים, לעבן דעם ברונים ליגט אויף דער ערד אַ יונגער עמיגראַנט תכל פאַרשמאַכט — ווען דער פאָרהאַנג גייט ארויף, זעט מען פון ווייטן פין די גאַסן פון די שטאָט, לאָזן זיך אַראָפגיין פיל מענער מיט די קריגן אויף די קעפּ — וואָרום זיי גייען אַזוי לאַנגזאַם זינגען ווי אין כאָר)



די געבענטשט דו פרישער העלער מאָרגנשטראַל (דאָס עכאָ) אַ-אַ-אַל!
ביים גרויס פרייד בעגריסט דיך אונזער לידער ווידערהאָל
(עכאָ) אַ-אַ-אַל!

געבן אַלע מענטשן רוען.
מיר ווילן זיך שוין יעצט בעמיען,
זיי צו ברענגען פריש געטרונקנע פון דעם ריינעם קוואַל
(עכאָ) אַ-אַ-אַל!

אַזוי זינגענדיק גייען זיי ארויס פונם טויער פון דער שטאָט — ציגייענדיק צום ברונים, שטעלן זיי אַראָפּ די קריגלעך אויף דער ערד — איינע פון זיין צלה נעמט ביי יעדער דאָס קריגל אין שעפּט אָן וואַסער — זינגענדיק.

צלה — גיב דאָס קריגל דיינס גיב איך שעפּ דיר אָן.
די פריילן — נאַ! דאָס קריגל מיינס נאַ דיר און פיל עס אָן! —
צלה (שעפּט אָן) זעט ווי גך די אַרבייט גייט ביי מיר! —
פריילן פאַר דיין גוטן ווילן, שוועסטער דאַנקען מיר,
אַלע (זינגענדיק טאַנצן) אַך ווי וועט דערקוויקן
אונזער קיל געטראַנק
אַלעס, וואָס איז טריקן.
פון דער היץ פון לאַנג.

מען הערט שטימען פון ווייטן זינגען — צלה קוקט זיך צו פון ווייטן און זאָגט צו די פריילן: קינדער! איך זע דאָרט אַלטע וואַנדערער קומען אַהער — איר הערט! זיי בעטן אַ קאַפּעלע וואַסער!

אַלטע (קומען אָן — יעדער שטעלט זיך לעבן איין פריילן און זינגען)
ליבע פריילן האָט רחמנות — אוי אַ קאַפּעלע וואַסער!
דורשטיק זענען מיר סכנות —
וואַנדערער זענען מיר פון גאַנץ ווייט — אוי אַ קאַפּעלע וואַסער.
אַך, דערקוויקט די קרעפטן פון די אַלטע לייט —
פריילן (זינגען) דאָס קענט איר קריגן מיט פאַרגעניגן
זאַפּט פון די קריגן, און דערקוויקט אייך, טרינקט אייך אָן
גאַנץ זאַט.

(ווען די פריילן בייגן אָן די קריגן צו די מיילער פון די אַלטע לייט, כאַפּט יעדער.אַלטער אַרום אַ פריילן מיט גוואַלט — די פריילן ווערן זיך — עס ווערט אַ געשלעג: צוויי אַלטע שלאָגן זיך איבער איין פריילן, ביז איינער דערשטעכט זיין געגנער — איין פריילן פאַלט טויט דערשלאָגן פון איינעם, און שלעפּן אוועק די טויטע פון אונטער דעם פּאַרק — צפּה ראַנגלט זיך מיט איין אַלטן — תבל דערזעט דאָס, כאַפּט זיך אויף צו פאַרטיידיקן צלהן ער שלאָגט דעם אַלטן און וואַרפט אים צו דער ערד דער אַלטער כאַפּט זיך אויף און אַנטלויפט — תבל גרייפט צולהן און שלעפּט זי אוועק, זיך צו באַהאַלטן צווישן בערגל און ברוגים) — —

**לוט** (קומט אַרויס פאַרשלאָפן פון זיין הויז — און האַלט אין דער האַנט אַ קליינעם לאָגל מיט וויין). אַנרירן לאָזן זיי מיך נישט די רשעים. (ער גענעצט און טרינקט) אַי איז דאָס פאַרשייטע לייט אין דעם סדום און עמורהקע, עס ווערט נאָר טאָג הייבן זיי שוין אָן זייערע מלאכות: שווינדלען, רויבן, מאָרדן, זייערע אייגענע און איבערהויפּט פרעמדע (ער טרינקט) איך האָב נאָר וואָס געוואָלט כאַפּן אַ דרימל האָט מיך דער רעש אויפגעוועקט, נאָ! און אַז מען כאַפּט זיך אויף מוז מען דאָך טרינקען! (ער טרינקט) איך קען גאָר נישט צוזען זייערע שרעקלעכע מעשים — נאָ! און אַז איך האָב קיין האַרץ צו צוזען מוז מען דאָך טרינקען (ער טרינקט) פאַרגעסט נישט אַז איך בין אַ טאַטע פון אַזוי פיל קינדער און האָב זיי אַלע כמעט חתונה געמאַכט. נאָ! מוז מען דאָך טרינקען (ער טרינקט) — אַלע מיינע טעכטער האָט מען אויסגעכאַפּט נאָר גראָד אויף די עלטערע צוויי וויל נישט קומען קיין אויסכאַפּעניש עס וואַקסט שוין גראָז אויף זיי נעביך — אַי אַי! נאָר מיט זיי האָב איך אַ ביטער געמיס, נאָ! און אַז מען האָט אַ ביטער געמיס פון 2 דערוואַקסענע טעכטער מוז מען דאָך אוודאי טרינקען (ער טרינקט) הכלל! דער מענטש איז אַזוי געשטראָפט אַז אין יעדן פאַל קומט אויס אַז ער מוז טרינקען —



## שאנסאנעט

**1.**

(ער פאַנגט אָן מיט דער מעלאָדיע פון „גשם") !

אַז איינער האָט דערוואַקסענע טעכטער,
אוי אוי יאָ מוז ער דאָך טרינקען!
דעם טאַטן איז דאָך ביטער,
אַ ווייטיק איז דער מיטער,
נישטאָ פאַר זיין קיין בעלנים,
כאָטש שריי חי וקים

ביים האַרצן הייבט אָן קלעמען,
מען מוז דאָס קריגל נעמען,
זיך טרייסטן מוז מען אין אַ שענקל
טרינקען לחים! —

(מיט אַ פריילעכע מינע)

און אַז ס'קומט די צייט,
יונגע לייט,
הייבן אָן צו זיי צו ווינקען...
מ'פירט די קליפּות,
צו די חפּאות,
נאָ מוז מען דאָך טרינקען! —
מען בעקומט אַ פריילעך פּנים,
מען ווערט גאָר פריש אינגאַנצן,
אַלע יונגע מחותנים,
גייען מיט די יונגע טאַנצן;
און מיר אַלטע,
נעביך קאַלטע
ניסן פון דעם נייעם!...
מודה אני
שפּטרני,
ברידער ע לחיים! — לח״ים

(ער טאַנצט)

2.

(טרויעריק מיט דעם ניגון פון „גשם").

אַז איינער האָט אַ ווייב אַ צרה,
אוי, אוי, אוי, אוי, נאָ! מוז ער דאָך טרינקען! —
די שטוב איז פול יללות,
מען הערט נאָר זידלען, קללות,
עס איז פון איר נישט אויסצושטיין
כאַטש שריי חי וקים!

איר פיסק גייט נאָר אויף שרויפן,
מען מוז פון דער היים אַנטלויפן,
זיך טרייסטן מיט אַ גיטן ברודער
לחיים!

(מיט אַ פריילעך געמי"ס הונטער!)

און אַז גאָט באַשערט,
אַז זי ווערט
אין דער ערד איינגעזינקען,
די כפרה
ווערט די צרה,
נאָ! מוז מען דאָך טרינקען!
שבעה זעט מען אים נאָך זיצן
לאָזט מען אים נישט ריען...
שדכנים קומען גאַנצע טיצן,
שלאָגן פאָר פאַרטיען!..
ער נעמט מחילה,
אַ ווילע בתולה;
און מיט דעם וועג דעם נייעם,
טרינקען ביידע
מיט גרויס פריידע,
פון איין כוס לחיים — לחיים (ער טאַנצט)

3.

(סטראָפע צום פובליקום)

אַז ס'איז קיין איין דאַמע אין טעאַטער,



אוי, אוי, אוי, אוי נאָ! מוז מען דאָך טרינקען! —
עס גענעסט דער קאַסירער,
ער לייזט נישט אַפילו אַ פירער,
קיינער קויפט נישט קיין בילעטן
כאָטש שריי חי וקים!

עס מאָנען קרעדיטאָרן
עס קרעכצן די אַקטיאָרן,
קיין גוטער ברודער וויל אייך נישט זאָגן
לחיים! —

(פריילעך) און אַז מען פילט
ס'הייסט: מען שפּילט!
נעמט מען זיך באַלד שמינקען;
מ'הערט אַ קויל:
„דאָס הויז איז פול!!" —
נאָ! מען מוז דאָך טרינקען! —
אַלע אַקטיאָרן ביז צום קליינעם
ווערן מונטער פריילעך;
און אויף דער בינע טאַנצן אין איינעם דער בעטלער מיט
דעם מלך!..
און די אַרטיסטן
הערט מען שמועסן
מיט אַ יאָלד אַ נייעם!..
היינט צאָל
איך פאַר אַלע
„פיר שפּייז און טראַנק לחיים!" לחיים

(טאַנצן אַב)

צֵלָה (און תבל קומען אַרויס ביידע פון אונטן דעם ברוגיס ווי זיי האָבן
זיך פאַרשטעקט — זיי קוקן זיך אום אויף אַלע זייטן) אָ! ווי
דאַנק איך דיר מיין גוטער תבל וואָס דו האָסט מיך גע-
ראַטעוועט פון דעם אַלטן רויבערס הענט — פון יעצט אָן
וועל איך שוין מער נישט קומען אַהער ווי אַלע טעג, דיר
ברענגען אין מיין קרוגל — עסן היינט מיין ליבער וועל

איך אַהער קומען צום לעצטן צום ברונים — אין דעם
קריגל וועל איך באַהאַלטן אַביסל שפּייז, גאָלד און זיל-
בער מיר זאָלן קענען ביידע פאַרלאָזן אויף אייביק דאָס
וואַגאַבונדן-לאַנד.

תבל — ווי קומסטו נאָר אַהער, אזא גאָלדן הערץ אין דעם
לאַנד פון רשעים! —

צלה — איך האָב דאָך דיר, דאַכט מיר, שוין דערציילט, ווי
איך בין מיט מיין אלטן פאָטער און מיין איינציקן ברו-
דער געקומען אַהער מיט אַ יאָר צוריק — מיר האָבן מיט
געבראַכט אַ רייכטום; נאָר די שטאָט — וועלף די שפּיאָ-
נען, וואָס טאַנצן אויס אַלע לעכער און ווען זיי דער-
שמעקן אן אומשולדיק אָפּפער ברענגען זיי צום איבער-
קויפטן הייסט מען זאָל עס אָפּשינדן; האָבן מיין פאָטער
בעשווינדלט פון מיר זענען געבליבן ברויטלאָז — מיין
איינציקן ברודער האָבן זיי ערמאָרדעט... מיר ווייסן נישט
וווהין ער איז אַהינגעקומען... און מיין אַלטן פאָטער האָט
מען מיר געבראַכט טויט צו מיינע פיס!.. מיך האָט מען
געבייט איך זאָל מוזן אַ כלה ווערן פאַר דעם פאַרזעע-
ניש דעם מויבן שופט פון סדום. מאָרגן דאַרף זיין מיין
חתונה — נאָר היינט ביינאַכט מוזן מיר זען אַוועק
פונדאַנען —

תבל — גיי, צלה, און זעם נישט! האָסט רעכט! — מער
קענען מיר דאָ נישט בלייבן — איך האָב זיי אויך נע-
מו,ט מיין גוטס אַוועקגעבן אַבי צו ראַטעווען מיין נאַקעט
לעבן — ווען דו וואָלסט נישט געווען מיט מיר מיטלייד
געהאַט און מיר יעדן טאָג אַרויסברענגען אינם געהיים
אין קרוגל אַ שטיקל ברויט וואָלט איך דאָ געווען דער-
גאַנגען פאַר הונגער — גאָר דו שטייסט דאָ, אויך אין אַ
סכנה. אַז מען וועט געוואָר ווערן אַז דו שטיצסט איין
אַן עמיגראַנט; דען נאָך זייערע געזעצן פון דעם לאַנד
איז דאָס פאַרבאָטן אונטער דעם שטראָף — דעריבער קום
שנעלער און היט זיך גוט — לאָמיר אַוועק! די וועלט



איז גרויס! מיר וועלן געפינען אין דער וועלט מענטשן
מיט בעסערע הערצער. —

צלה — יאָ מיין טייערער (זיי זינגען אַ דועט).

תבל (סאָלאָ)

מיר מוזן ווי שנעל דאָס שלעכטע אָרט פאַרלאָזן אַצינד,
דעס אָרט וואָס איז פיל מיט זינד:
איין אָרט — פיל מיט רשעים,
איין אָרט — פיל מיט חטאים,
אָן יושר, אָן רחמנות,
אויף יעדן שריט סכנות,
ווי דער מענטש קען מיט זיין לעבן אויך נישט זיכער זיין,
קען נישט זיכער זיין! — (צלה ווידערהאָלט)

תבל און צלה צוזאַמען.

יאָ! מיר מוזן זיך פּאַסן,
יאָ, מיין טייערער שאַץ,
מיר מוזן ביידע פאַרלאָזן
דאָס שרעקליכע זינדיקע פלאַץ! —
יאָ! מיר מוזן זיך פּאַסן,
יאָ, מיין טייערער שאַץ! —
מיר מוזן שנעלער פערלאָזן,
דאָס שלעכטע, אומרעכטע, זינדיקע,
אומריינע יאָ אויך פון גאָטס פערשאָלטענעם פלאַץ! —
יאָ! די וועלט איז גרויס און מענטשן לעבן דאָרט פיל,
אָבער מענטשן מיט הערצער, יאָ מיט הערצער און געפיל;
באַ אהין, נאָר אַהין איז אונזער ציל!..
כ'וואָלט געוואָלט דערלעבן דאָרטן שוין צו זיין!

צלה — אָבער נאָר מיט דיר!

תבל — אָבער נאָר מיט דיר!

צלה — טאַקע נאָ דו מיט מיר!

תבל — טאַקע נאָ דו מיט מיר!

ביידע — וואָס פאַר אַ בעסער גליק קען דען זיין,
לאָמיר זשע מיין ליבער,

די געצײלטע שטונדן, לענגער, לענגער נישט פארציען.
לאמיר זען מײן ליבער
גיכער און װי שנעלער פון דעם װיסטן לאנד צו פליען
זאפארט, זאפארט.
פון דעם ארט! — — — יא!
לאנג איז מיר שױן די מינוט און צײט,
כ'זאל מיך זען מיט דיר צוזאמען װײט העטװײט
װײט, חײט פונדאנען. װײט זער װײט —
(צלה לױפט אװעק דורך דעם טױער אין שטאט אריין)

תבל — נאך א קורץ שטיקל צײט מוז איך ליגן דא פארשטעקט און דערװארטן דעם גליקליכן מאמענט װען מיך צלה װעט קומען מיך בעפרײען פון דעם גיהנם — הא! מ'צײט
(ער באהאלט זיך אונטערן ברונים)

לוט און עירית (קומען ארױס פון זײער הױז — ער טראגט א קריגל װײן און זי א קרוג אנצוגעמען װאסער).

עירות — נא װאס װעט זײן לוט? װאס! הא? —

לוט — „װאס װאס הא?" — איך האב דאך דיר געזאגט און געזאגט א סך מאל: „אי טעכטערל פון חוה, זײ נאר נישט טשיקאװע!" דען אז דו הערסט אלצדינג, װעלן חיסן װעסטו צום ערשטן מאל גרא װערן צום צװײטן מאל — געזאלצן װערן און צום דריטן מאל — די כפרה װערן —

עירות — איך קען אבער נישט אױסהאלטן, אױסהאלטן פון אונזערע טעכטער הא? — זײ לעכערן מיר דעם מח, עס איז פשוט א רחמנות איף זײ הא? — װי לאנג קענען זײ נאך װארטן הא? זײ זענען שױן אין די יארן הא?

לוט — זײ װעלן אזױ לאנג װארטן ביז װעלן װידער יונג װערן — דו פלעצל. װער האט דיך געבעטן דו זאלסט האבן אזױנע צװײ פארשטערטע מײדן? פאר װאס הא? — זעסט דאך אז אלע האט מען בײ אונז אױסגעכאפט. נאר אױף זײ װיל נישט קומען קײן אױסכאפעניש — עפעס װײסט זײ דער רוח, עפעס מוזן זײ זײן אן זאלץ



װי זײער מאמע — ביחאי װאלסטו געװען אלײן אױסגעכאפט געװארן, אײדער צו ברענגען אױף דער װעלט אזױנע צװײ נפשות, —

עירית — װאס װאס װאס בין איך שולדיק — שולדיק איז דײן טרינקען הא? —

לוט — באם! — אט האסטו דיר א משל! — באם, גראם, שטראם! מיר װעלן פרעגן דעם שופט צו איז שולדיק מײן טרינקען, צו דו ביסט שולדיק מיט דעם װאס דו ביסט ניכטערן און פיסנע! — — גײ גײ שעפ דיר אן רײן װאסער (זי לאזט זיך גײן צום ברונים) און אפשר שטראפט גאט אונזערע טעכטער איבער דיר, דו ביסט דאך אזא כלבתע, אזא מרשעת װי אלע סדומער און אמעריקאנער; װיפלמאל האבן דיך געבעטן מײנע אורחים. זאלסט זײ געבן אביסל זאלץ צום ברױט און דו האסט זײ נישט געװאלט געבן? —

עירית — (דערזעט פלוצלינג בײם ברונים א יונגן מאן — תבל, זי שרײט מיט פרײד צו לוטן) לוט לוט לוט קום אהער!

לוט — (גלײכגילטיק) צום װאסער, אז מען רופט מיך גײ איך נישט!

עירות — (מיט אן אומגעדולדיקער איבערראשונג) לוט לוט א יונגער מאן א יונגער מאן הא? —

לוט — צו ביזטו משוגע! װי האסטו אין ברונען אנגעשעפט א יונגען מאן?

עירית — ליגט נעבן ברונען באהאלטן, באהאלטן הא! —

לוט — איז ער לעבעדיק? —

עירית — לעבעדיק, יונג און שען הא, הא!

לוט — נו! מוז מען דאך טרונקען (ער טרונקט),

עירית — װאס טרינקען, קום גיכער, גיכער אהער! —

לוט (צוגײענדיק קאלט) נעבעך! — ער שײנט צו זײן א פרעמדער ענטװ.דער די שטאט-לײט האבן אים שױן לאנג אפגעסמאלעט, אדער זײ װעלן אים ערשט נעמען צום סמיק!— אנא! לאמיך אים נאר מקבל-פנים זײן! (ער קומט צו נעענטער צו תבלן) ע! יונגערמאן! שלום-עליכם!

לוט — (גיבינדיק אים די האַנט, הייבט ער אים אויף) אין אייער שלום-עליכם פיל איך, אַז איר זענט פאַרטריקנט — ווילט איר אביסל פון דעם פריילעכן נאַסן?... (ער ווייזט אים דעם ווייַן)

תבל — מיין ליבער הער איך... (אין א פאַרלעגנהייט)

לוט — (לאָזט אים נישט קומען צום וואָרט) כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי! איך דערקען אין אייך, אַז איר זענט אַ פרעמדער — ווילער יונגערמאַן! — אַ שאָד, כ'לעבן, אַ שאָד! — ווייסט, מיין ליבער, אַז איר זענט דאָ נישט גוט געפאַלן! — די איינוווינער פון די שטעט זענען טבע שלעכטע מענטשן, דאָס לאַנד איז דווקא רייך אין אַלעמען. האָבן זיי מורא, אָדער זיי פאַרגינען נישט, אַז אַ פרעמדער זאָל פון דעם געניסן — אַ פרעמדער האָט, אין דעם הפקר לאַנד, קיין רעכט! — איך וואוין דאָ אויך ערשט אַ יאָר און ווען מיינע טעכטער וואָלטן ניט דערטאַפּט מענער פון די היגע שטאָט-שגצים, וואָלט איך דאָ אויך נישט געווען אַ מינוט — פאַר אייך יונגערמאַן איז נאָך דאָ איין וועג, איר זאָלט דאָ נישט נאָר אומקומען, נאָר גליקלעך ווערן — (צו עירותן) האַ? וואָס זאָגסטו? — און דאָס הענגט אָפּ נאָר פון מיר — איר זענט מיר פונם ערשטן אויגנבליק שטאַרק געפעלן, אַז איר וועט מיך שטאַרק בעטן, קען איך אייך אריינגעמען צו מיר אין שטוב פאַר אַן איידעם — איך וואָלט אייך געגעבן איינע פון מיינע צוויי טעכטערלעך, איך זאָג אַ טעכטערל, אַ צאַצקעלע, אַ פּופּעלע אַ (ער טוט אַ זופּ פון פלעשל און באַלעקט זיך) אַ מציי.

עירית — גיב אים ביידע, לוט האַ!

לוט — האָב צייט צו דו פערשימלטע — לאָז ער מיך פריער גוט בעטן. —

תבל — (אין א שרעקליכער פאַרלעגנהייט) מיין ליבער הער! איר ווערט מיר ענ...

לוט — כ'פערשטיי, כ'פערשטיי! איך וועל דיר נאָך געבן אביסל



[illegible] איך, פּעטעלך מיט ווייַן, און אַז איך וועל ביט דיך צופרידן זיין, וועל איך דיר שענקען אַ מציאה! — האַ? — זאָל איך זיך זאָגן? — טאַקע דיין כלה'ס אַ שוועסטערל, וועסטו האָבן צוויי צאַצקעלעך פּו-פּעלעך!

תבל — (אין א פאַרלעגנהייט) איר זענט זייער גוט איר מוזט אָבער אַ...

לוט — כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי! איך מוז דיר געבן נאָך עט-לעכע שאָף, פערד, קעמלען אייזלען, דאָס פאַרשטייט זיך אַליין איך האָב גענוג איך בין רייך — וואָס זאָגסטו עירית האַ? —

תבל — מיין ליבער הער! איך בעט אייך אַ...

לוט — כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי! דאַרפסט מיך נישט בעטן — אָט אָט קומען זיי טאַקע ביידע אַריין — שטיי און זע און באַוווּנדער דיין מזל! —

דקלה (די עלטערע טאָכטער — אונגעוויינליך לאַנג און מאגער א [illegible] דארע נאָז מיט א כינעזישע קרומא ברעם).

צקלה (איר יונגערע שוועסטער קליין געוואַקסן פעט און ברייט מיט א ברייט לאַכנדיק מויל — ביידע טראָגן זיי אויף די קעפּ גרינע יאַרמעלקעס אין וועלכע עס שטעקן בוקעטן בלומען — אויף די העלזער קרעלן מיט טייערע שטיינער און פּערל געשטיקט — שיינע גאַרטלען — זייערע קורצע קליידער זענען גענייט פון גרינע באַלמאַנבלעטער — אויף ד, הענט גרויסע גאלדענע אוירינגלעך אין די אוירן — אין די הענט האַלטן זיי שטעקנס — זיי קומען אריין ביידע זינגענדיק).

מיר — די שוועסטערלעך, שוועסטערלעך צוויי.

זענען קענער

איף אַלע מענער!...

מיר קענען אַלערליי. אַלערליי!

נישטאָ קיין רעפּטס ביי זיי:

איינער איז גאָר דיק אַזוי ווי אַ פאַס!...

איינער האָט אַ קויל אַזוי ווי אַ באַס!...

איינער האָט אַ נאָז אַזוי ווי אַ טראָמייט!

איינער איז האַרטסאַטנ,
איינער — סטילוואַטע,
איינער בייגט די זייטן ווען ער גייט! —
אייך איר מיידלעך אַלע,
פרעגט מיר אַ שאַלע,
זאָגט אליין —
דאַרף מען הייראַטן — אפשר גאָר ניין — אָדער לעבן גאָר
אַליין —

טראַלאַלאַ... (טאַנצן)
מיר די שוועסטלעך,
שוועסטערלעך צוויי,
זענען קעמער,
אויף אַלע מאָער:
מיר קענען אַלערליי, אַלערליי,
ס'איז דאָ אויך רעכטס ביי זיי! —
איינער איז געזונט אַזוי ווי אַ ריז,
איינער — שטאַרק געוואַקסן אַזוי ווי אַ ספיק,
איינער איז אַזוי ווי אַ מלאָך שיין,
איינער איז אַ זיגער
איינער איז אַ קליגער,
איינער האָט אַ גאַנץ האַרץ און מלא חן: —
אייך, איר מיידלעך אַלע,
פרעגן מיר אַ שאלה:
זאָגט אַליין!
זענען אונזערע הערצער דען פון שטיין,
אָפּ צו לעבן די וועלט אַליין:
טראַלאַלאַ... (טאַנצן)
(זיי פאַגריסן פון וויטנס תבל'ן ═ ער שטייט פאַרטוויימלט)
לוט (צו עירותן) דו זעסט, ווי ער איז איבערראַשט געוואָרן? —
ער איז געבליבן ווי אַ שטיין! — (צו חבל'ן) נישט אמת,
אפשר, וואָס איך האָב דיר געזאָגט? — צאַצקעלעך, פו-
פעלעך! זיי בליצן שטענדיק ווי דער פרילינג אייביק יונג



און אייביק גרין איר זעט ס'וואַקסט אַזש גראָז אויף זיי
(צו די טעכטער) נאָ! קיקעלעך מיינע! צו אייער טאַטן האָט
איר יעצט גאָרנישט — איך האָב אייך אָפּגעזוכט אַ חתן —
יעצט לאָזט מיך געמאַכט — אַנטיילן זיך מיט אים דאָס
איז שוין אייער זאַך! —
תבל (שמערצליך) מיין ליבער הער ט...
לוט — כ'פאַרשטיי, כ'פאַרשטיי! איך דאַרף נישט דו זאָלסט
מיר דאַנקען — אַ יאָ, עירית! מיר גיבן אייך אונזער
ברכה — און דאָס איבעריקע איז אייער זאַך — מיר וועלן
שטיין פונדערווייטנס און שעפּן נחת, ווי זיי וועלן אים
אויסרעכענען זייערע מעלות — אַנאָ קוקלעך נעמט אייך
אים און גייט!
דקלה און צקלה — אין דער גאנצער צייט ליעבאייגלען מיט תבל'ן פון זיינע ביידע זייטן, וועלכער שטייט אין א פערלעגנהייט און קען זיך נישט אויסדרייען פון זייערע הענט — זיי שלעפּן אים צו מיט גוואלט צו דער דאמפע — דקלה האלט אים ביי דער רעכטער האנט — צקלה — שטארק ביי דער לינקער). (זינגען).

1.

דקלה — ווען דו וועסט נאר זיין מיין ליבער מאַן,
וועסט זען, וועסט זען ווי דו וועסט זיין צו פרידן!
צקלה — ווען דו וועסט נאָר זיין מיין מאַן,
וועסט זען, ווי דו וועסט גליקלעך זיין!
דקלה — כ'וועל דיר מעלקן אַלע ציגן,
וואָס וועט זיין אין שטאַל ביי דיר,
צקלה — און איך וועל די קינדער פערוויגן,
וואָס האָבן וועל איך גאָר מיט דיר — יאָ יאָ,

2.

דקלה — ווען דו וועסט גאָר זיין מיין ליבער מאַן
וועסט זען, וועסט זען ווי דו וועסט גליקליך לעבן —
צקלה — ווען דו וועסט נאָר זיין מיין מאַן,
וועסט זען ווי גליקלעך דו וועסט זיין. —

ל ה — איך וועל קאָכן נאָר אַ ווינדער,
עסן בעסער פון ד"ר! —
ק ל ה — און איך וועל נייען אונזערע קינדער
קליידעלעך אָן שיעור — יאָ, יאָ...
ב ל — כ'דאַנק אייך ביידע, מיינע ליבע מיידן,
כ'גלייב אייך, וואָס איר זאָגט מיר צו! —
פאַרניצט דאָס אַלעס אייך אין פריידן!
נאָר, איך בעט אייך — לאָזט מיך צו רו! —
בריות זענט איר גאָר די פיינע:
דו צו קינדער און דו — צום טאָפּ!
איך צו אייך האָב נאָר איין טענה:
דולדעט מיר, גרילצט מיר נישט מיין קאָפּ! —
ד ק ל ה, צ ק ל ה — (אבוועסעלעט קום צו מיר).
ניין דו וועסט נישט פון אונז לאַכן
ניין דו וועסט נישט חוזק מאַכן,
זיי נישט גרויס, און זאָג אַרויס דאָס גוטע וואָרט דו
בחור פיינער!
זיי שוין, זיי אויף אייביק מיינער! —
ת ב ל — שאַט!! — שאַדע אייער בעטן, שאַדע אייער מי,
טוט מיר צוליב און קוועלסט מיך נישט, לאָזט מיך
צו רו!
ד ק ל ה צ ק ל ה (ווידערהאַלן פון 2 ביז אין דערשטעלטע זינגען זיי ווייטער אבוועקסלענד פון ביידע זייטן אים ש עפנדיקע צו אין).
ניין ניין דו וועסט נישט גיין.
מיינער, מיינער אויף אימער!
קום אַריין צו מיר אין צימער!
מ'ר וועלן אַ מאָלצייט געבן.
ווייסטו ווייסן פון אַ לעבן!...
טאַטע מאַמע -- טאַטע מאַמע.
ל ו ט מיט ע י ר י ת ן (פאלען אויך אריין מיט זיי און זינגען)
שלעפּט אים דעם יונגן מאַן,
גלייך צו אונז אין שוב אריין! —



(זיי שלעפּן אים אריין אין לוטס הויז — אלע ווערן פארשוונדן).
ת ב ל לויפט צוריק ... רויס
צ י ל ה (קומט אים אנטקעגן)
קום לאָמיר לויפן (מען כאפט זיי)

## די פאַראַדע

(די מוזיק שפּילט א מארש — פון די גאסן דער שטאט סדום, זעט מען גיין איין צוג אין פאלגענדער ארדנונג. קינדער גייען פארויס, טראגענדיג אין די הענד גרינע צווייגן — נאך זיי, קינדער טראגנדיג פארביגע פעכערס אויף לאנגע שטעקענס — מעדכען, טראגן אין די הענד, איין טריאנגעל אין קלינגען, פויקן, א טאץ מיט א האמער, א הארפע — א רייע מענער וואס טראגן אויף לאנגע שטעקנס אפן — אנדערע טראגן שלענג — נאך זיי צוויי מענער, וואס טראגן דאס סדום-בעטל — נאך זיי די צוויי רויטע פאליציי-לייט פוס און לויט, זיי טראגן אין די הענט גרויסע שטעקנט אויפן שפיץ א קנאפ — נאך זיין טראגן צוויי אראבער א קאסטן מיט א באלדאכין פון אויב אין וועלכן עס זיצט דער ש ו פ ט — נאך דעם גייען צוויי אלטע לייט, וואס טראגן איז די הענט ווייסע פירעקיגע מארמאר-טאפעלן מיט שווארצע לאנגע גריפלען צום שרייבן — דעם שופט זעצט מען אנידער אויף דער שטיינערנער שטול, וואס שטייט לעבן טויער פון ביידע זייטן שטייען די אלטע מיט די טאפלען — דאס בעטל אין דער מיט נעבן דעם פארק — דער איבריקער עולם שטעלט זיך אין דער ארדנונג — די טענצער גייען א טאנץ — נאך דעם טאנץ הייבן אויף)

פ ו ט און ל ו ד (זייערע שטעקנס און טוען א געשריי) עס לעבן אונזער שופט! —
אַ ל ע — הידד! —
דער שופט (פרעגט) האַ? —
פ ו ט און ל ו ד — (שטעלן זיך פון ביידע זייטן שופט יעדער רוימט אים עפּעס איין אין אויער — אזוי טוען זיי יעדע מינוט ווען עמיצער

דארף עפּיס זאגן)

דער שופט פרעגט: צו האָט עמיצער עפּעס אַ אָנקלאַגע!

ערשטער עמיגראַנט (שלעפּט צו אסדמ׳ער) איך האָב געבראַכט פאַר אייך דער מערדער איר זאָלט אים בעשטראָפן — דער טיראַן האָט אַזוי לאַנג געשלאָגן מיין שוואַנגערע פרוי ביז זי האָט מפּיל געווען אַ טויט קינד — נישט גענוג, וואָס מיין קינד איז דערהרגעט געוואָרן, האָב איך מיין פרוי נישט מיט וואָס צו קורירן זי ליגט געפער-לעך קראַנק! —

פּוט און לוד — (ווימען עפּיס איין דעם שופט אין ביידע אויערן)

מגוג — אויב אַזוי איז גוט! —

פּוט (פרעגט דעם סדומער) דער שופט פרעגט דיך | צי איז דאָס אמת? —

סדומער — אמת! — נאָר פון וואַנען האָב איך געזאָלט וויסן, אַז איך וועל זיין ווייב אַ ריר טון וועט זי באַלד קראַנק ווערן? די פרעמדע בעטלערס אַז זיי קומען צו אונדז אין לאַנד ווערן זיי אַזוי צופּיעשטשעט, אַז קוים רירט מען זיי אָן ווערן זיי באַלד קראַנק און טראַכטן אויס אויף אונדז בראַווע עמורהקאַנער בלבולים אַבי צו צאַפּן פון אונדז געלט! —

פּוט (נאָכדעם ווי ער האָט עפּיס איינגערוימט דעם שופט) דער שופט האָט געפסקנט: אַז דערפאַר, וואָס דו ביזט זיך מודה אויף דעם אמת באַפרייט ער דיך פון דעם געלט-שטראָף, נאָר מיט דעם תנאי, אַז דעם שאָדן מוזסטו דעם עמיג-ראַנט אויסשטעלן — אַזוי ווי ער האָט נישט מיט וואָס זיין פרוי צו קורירן מוזסטו זי נעמען צו זיך, און אַזוי לאַנג זי האַלטן ביי זיך אינדערהיים, ביז דו וועסט זי אים אָפּגעבן צוריק געזונט און מיט אַ פרישׁ לעבעדיק קינד! —

עמיגראַנט — גיוואַלד! וואָס הערט איר טיראַנען מיין גע-ליבטע פרוי — אַזוי פסקנט איר אַ גוטער שופט, אַזאַ יאָר אויף אייך!



שופט — אויב אַזוי איז גוט! —

פּוט און לוד — קינדער! ער באַליידיקט אונזער שופט! פאַרשטעקט אייך די אויערן! (אַלע פאַרשטעקן זיך די אויערן)

עמיגראַנט — ווי האָט מען קיין רחמנות.

פּוט און לוט — רחמנות? (מען נעמט אים צום שלאָגן און מען וואַרפט אים אַרויס — אַלע שטעלן זיך אַרום איין קרייז אַרום דעם שופט און סודין זיך — אין דער צייט זעט מען אַרויסגיין).

תבל מיט לוטן צוזאַמען שכור פון זייער וויינונג) דאַנקען גאָט איך האָב מיך אויסגענאַרט פון זייערע הענט — אָ! ווי דערלעב איך שוין מיין צלה זאָל קומען מיר זאָלן קענען גיכער פון דאַנען אַוועק צו לוטן אַיאָ מחותן לעב! דאָס גלייכסטע איז נאָר טרינקען און טרינקען! — קומט לאָ-מיר זיך זעצן דאָרטן נעבן דעם ברונען, וועלן מיר קע-נען רויק זיצן און טרינקען, קיינער זאָל ביי אונדז נישט אויסכאַפּן —

לוט (פון די פיס פאַלנדיק) דער ברונען האַלט וואַסער — איך האַלט וויין — דו האַלטסט מיך — מיינע טעכטער האַלטן דיך! — האָסט נאָך געהערט אַזאַ חכמה פון אַ מחותן? — נאַ! טו זשע נאָך איין זיפּ פונם קריגל. אַלא נישט באַקומסטו נישט פון מיר אפילו אַזאַ פּיצעלע סעכ-טערל — ניין, ניין כ׳האָב נאָר געטריבן קאַטאָוועס! נעם זיי דיר ביידע און לאָז מיך צורו (זיי זעצן זיך ביידע אויף דער ערד נעבן דעם ברונען לוט זיפּצט אַזוי לאַנג ביז ער ווערט גע-שמאַק אַנטשלאָפן

פּוט לוד — דער שופט פרעגט ווער פון אייך האָט נאָך אַ קלאַגע?

שופט - אויב אַזוי איז גוט! —

צווייטער עמיגראַנט (קומט אַריין צעבלוטיקט דעם קאָפּ און פירט מיט זיך איין עמורהקאַנער) גערעכטער שופט! דער מענטש האָט מיר אָן אַ פּאַר וואָס אַ האַק געטון אין קאָפּ — זעט עס רינט בלוט!

פוט (רוימט פריער איין דעם שופט אין אויער) דער שופט פרעגט — ביזט אַהיגער אָדער אַ פרעמדער?

עמיגראַנט — אַ פרעמדער! — נאָר איך ווין שוין דאָ אַ שטיקל צייט.

פוט — דער שופט זאָגט. —

שופט — אויב אַזוי איז גוט! —

פוט (שרייט הויך) אַז דו ביזט יאָ דאָ אַ צייט ווי קומסט ראַס, אַז דו זאָלסט נאָך נישט תיסן די געזעצן פון דעם לאַנד? אַז איינער האָט דיר בלוט געלאָזט דאַרפסטו אים באַצאָלן ווי אַ רופא פאַר בלוט לאָזן! —

עמיגראַנט — אַזוי איז דאָס געזעץ? — מוז איך נאָך אים באַצאָלן, וואָס ער האָט מיר בלוט געלאָזט?

אַלע — יאָ, יאָ, יאָ! (דער שופט שאָקלט מיטן קאָפּ אויף „ניין" און מיטן מויל שרייט ער יאָ!)

עמיגראַנט — זער שען! — נאָר אַזוי ווי איך האָב דאָ גראָד נישט ביי מיר קיין געלט וועט דער שופט אַזוי גוט זיין און אויסצאָלן פאַר מיר; ווייל פון אים קומט מיר אויך פונקט אַזויפיל געלט פאַר דעם בלוט וואָס איך לאָז אים (ער טוט דעם שופט אַ האַק אין קאָפּ)

שופט — אויב אַזוי איז גוט! — (עס ווערט אַ געוואַלט צווישן עולם — מאַנכע וואַרפן דעם עמיגראַנט אַרויס מאַנכע שטייען און בוגדן צו דעם שופטס קאָפּ מיט אַ טוך — ווערענד אַלע זענען פאַרנומען מיט דעם שופט קומט אָן)

צלה (קוקט זיך אַרום קיינער זאָל נישט זען גייט צו שטיל צו תובלן)

תובל! קום שנעלער! דאָ אין קרוג האָב איך אַלעס גרייטבע קום! — (און ווערענדן זי נעמט אָן ביי דער האַנט לויפט אונטער)

לוד (וואָס האָט זי שפּיאָנירט די גאַנצע צייט — און כאַפּט זי אָן ביי דער די האַנט) האַ האַ! איר זענט דאָ? —

געערכטער שופט! — דאָס מיידל האָב איך שפּיאָנירט, זי טראָגט דעם פרעמדן אַרויס ברויט יעדן טאָג, יעצט האָט זי געוואָלט מיט אים אַנטלויפן און אים געשטאָפּט מיט געלט! —



אַלע (שרייען) אָוואַ!

שופט (קוקט זיך צו) צלה? אויב אַזוי איז גוט! — דאָס איז דאָך מיין צלה? מיין כלה! לאָזט זי אָפּ זאָג איך אייך! דאָס איז דאָך מיין כלה! —

פוט — אַזאַ שופט ביזטו, וואָס דיך אַרט נישט, אַז מען מאַכט חוזק פון די הייליקע געזעצן פון אונזער לאַנד! דאָס מיידל וועלן מיר אַליין משפטן! —

שופט — אויב אַזוי איז גוט! — זי איז מיין כלה איך לאָז נישט!

פוט — טאַפּפערע און בראַווע מענער פון סדום און עמורה! אַראָפּ וואַרפן זאָלן מיר דעם שופט און אַרויפזעצן אַ נייעם! —

שופט — אויב אַזוי איז גוט! —

אַלע (אינאייניעם) וואַרפט אים אַראָפּ! (זיי שלאָגן אים און וואַרפן אים אַרויס),

לוד — בראַווע און טאַפּפערע בירגער פון סדום און עמורה, דאָס פּאָרל וועלן מיר אַליין משפטן — בינט זיי!

תבל — טוט מיט מיר וואָס איר ווילט — נאָר דאָס אומשולדיק ליבעס קינד לאָזט לעבן!

פוט — דו דאַרפסט אונדז נישט דיקטירן וואָס צו טון — דיין לעבן גיהערט צו אונדז, און אירס אַוודאי — איינס קענען מיר אייך צוליב טון — אַזוי ווי איר זענט ביידע געווען פאַרליבט און געוויס געוואָלט הייראַטן — וועלן מיר אייך אַצינד חתונה מאַכן אויף אונדזער אַרט און געברויך. —

לוד — דאָס ליבע קינד, וואָס האָט אַזאַ זיס הערצעלע — וועלן מיר אויסשמירן מיט האָניק, און זי אַרויפשטעלן אויפן דאַך אַז נישט נאָר יונגע לייט, נאָר אַלע פליגן און בינען זאָלן זי קושן. —

פוט — און אַזוי ווי אַ חתונה אָן ליכט גייט נישט, וועלן מיר דעם יונגען מאַן אַרומוויקלען מיט שטרוי אים אָנצינדן, ער זאָל ברענען פאַר אַ פאַקעל! —

צלה — האט מיטלייד! —

כאָר — האַ! מיר האָבן זי געכאַפּט מיר האָבן זי דערטאַפּט

כאַ: כאַ! כאַ! האַ! מיר האָבן זיי דערטאַפּט, און ריכ־
טע גאָר אַליין, האָסט זיי רייסט זיי, בייסט זיי.
רחמנות? קעגן אונזערע געזעצן פון דעם לאַנד! —

צלה (סאלא) וואַרט נאָר אויס, וואַרט אַביסל אויס! — אייך איז
דאָך אַלץ איינס! איידער איר וועט אונדז דאָ אומברענגען —
הערט נאָר איין וואָרט. —

כאר — (ווידערהאלט) האַ! א. א. ו.

צלה (סאלא) דאָס וועט אייך דערפון אַרויסקומען, אַז איר וועט
אונדז פאַראורטיילן צום טויט? מיר וועלן ביי אייך זיין
אייביקע שקלאַפן, אַבי נאָר שענקט אונדז דאָס לעבן.

כאר — (ווידערהאלט) האַ! א. א. ו.

צלה — אוי אוי האָט רחמנות ס'איז אַ שאָד יונג, אַזוי יונג פון
דער וועלט צו גיין.

כאָר — זי זוכט מיטלייד ביי אונז? מיר וועלן דיר ווייזן וואָס
רחמנות הייסט? (אלע מארשירן, דער צוג באוועגט זיך ווי פריער
פריילעך)

איינער ווער וועט אונטערפירענס נעמען ביי די לייט? —
מיר וועלן אַלע יעצט אין איינעם די מחותנים זיין, טראַ־
לאַלאַ! —

(דער צוג לאזט זיך אריינגיין אין טויער תבל און צלה שליסט דעם
צוג געשלאָסן אין קייטן, זיי גייען ארויף אויף די בערג און פארלירן
זיך אין די שטראסע.)

לוט (כאפט זיך אויף פון דעם שלאף און רייבט זיך די אויגן) וואָס איז
דאָ פאַר אַ ליאַרם? דאָס איז שיכורים! — אַפילו אויס־
שלאָפן לאָזן זיי מיך נישט — דו פאַרשטייסט חתן
מיינער! ווו איז מיין התן? —

איינער פונם פאָלק (קומט אריין) דיין חתן האָט שוין חתונה
געהאַט מיטן מלאך המות — מ'האָט איב געכאַפּט,

לוט — וועמען? דעם מלאך המות? נאָ מוז מען דאָך טרינ־
קען! —



איינער — ניין, אייער חתן, ער האָט געוואָלט ענטלויפן מיט
אַ מיידל:

לוט — מיט אַ מיידל? (ער טרינקט)

איינער — און דאָס מיידל איז געווען דעם שופט'ס כלה
(אב)

לוט — דעם שופטס כלה? (ער טרינקט) ווי האָט ער געמעגט
אַנטלויפן? —

---

*) אנפאנגס האָט צלה אויף דער שטעלע געזונגען דאָס פאָלגנדע ליד:

ליכטיקן זון; ווי קענסטו שטיין דאָרט!
און קוקן אַראָפּ אויף דער זינדיגער שטאָט?
ווי עס איז נישטאָ קיין פלאַץ און קיין אָרט,
וואָס איז נישט פאַרפלעקט מיט אומשולדיגע בלוט!...
פאַרשטעל דיין פנים! דיין אויג פאַרמאַך!!
אַזוינע רציחות איז שרעקליך צו זען,
אויס וועלט זאָל ווערן — גאָר פינסטער מאַך!
פינסטער און וויסט ווי זי איז געווען! —
צו גאַנץ איז נאָך, הימל! דיין ווייך הארץ?
עס איז נאָך נישט צעריסן געוואָרן אין צווייען אין צווייען?
פון שרעקליך געוויין, פון מאַטער פון שמערץ,
וואָס דו הערסט פון דער ערד צו דיר אַרויפגיין. —
וואַרף אַראָפּ הימל! דיין גרויסע דעק!
אויף שטויב צובייס אַלעס, ווי מיט אַ שטיין, —
אַלעס, וואָס לעבט דאָ; ווישׁ אָפּ! — פאַרמעק!
אויס וועלט זאָל ווערן — ווי ס'איז געווען! —
אַ מצוה אויף דעם כלב! — מיט מיינע טעכטער האָט
ער נישט געוואָלט ענטלויפן — וואָס ער האָט געמעגט,
איך וואָלט אים נאָך געוועזן צו געצאָלט — נאָר אַזוי
איז דער זינדיקער מענטש עס געפעלט אים דאָס וואָס מען
טאָר נישט וואָס פאַרבאָטענע שמעקט זיס — אוי חוה.

חוה! איבער דיין פערבאָטן עפּעלע ליגן פיל אין דער ערד! —

(ער זינגט) — שאנסאנעט: „דאס פארבאטענע אפעלע".

1.

אוי הוה מיט דער שלאַנג!
די מענטשן טוען מיר באַנק!
איבער דיין עפּעלע,
ליגט זייער קעפּעלע,
טיף אין דער ערד פון לאַנג. —
גאָט האָט דיך פאַרהיט;
אַז עסן מעגסטו נישט
פון אַלע פּירות
איז קיין עבירות
נאָר פון איין בוים נישט!...
האָט זיך דיר פאַרגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פאַרבאָטענע עפּעלע, עפּעלע!
דאָס האָט אַלעם געשאַט:
מ'שטאַרבט שוין פאַר דער צייט —
זייט זשע נישט טשעקאַווע
ווי אייער מוטער חוה.

2.

אוי חוה, מיט דער שלאַנג!
דער קאַסירער טוט מיר באַנק
איבער דיין עפּעלע
ליגט זיין קעפּעלע
טיף אין דער ערד פון לאַנג:
ביי אַ גרויסן גביר אַליין
איז ער קאַסירער געווען
האָט ער אַ קאַפּעלע
געמאַכט: כאַפּ-לאַפּעלע...
און מען האָט גראַד דערזען!...
ס'האָט זיך אים פאַגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,



דאָס פאַרבאָטענע עפּעלע, עפּעלע...
דאָס האָט אים געשאַט,
ער זיצט אין קרימינאַל אַ צייט,
זייט זשע נישט טשעקאַווע
ווי אייער מוטער חוה.

3.

אוי חוה מיט דער שלאַנג!
דער שכן טוט מיר באַנק,
איבער דיין עפּעלע
ליגט זיין קעפּעלע
טיף אין ד'ערד פון לאַנג! —
איך קום אַהיים צוגיין
טרעף איך אים אַליין
מיט מיין ווייבעלע
ווי אַ בייטעלע
קישט ער זיך גאַנץ שיין!...
ס'האָט זיך אים פאַרגלוסט דאָס עפּעלע, דאָס עפּעלע,
דאָס פאַרבאָטענע עפּעלע, עפּעלע!...
דאָס האָט אים געשאַט.
איך האָב אים אונטערגעשלאָגן די זייט!...
זייט זשע נישט טשעקאַווע
ווי אונזער מוטער חוה.

2. בירגער (לויפן אריין) ווי איז לוט! — ווי איז לוט! —

לוט — נאָ נאָ אָט איז ער! — וואָס? די אויגן זענען אייך פערגאָסן פון ווייַן וואָס איר זעט נישט!

בירגער — אין נאָמען פון די שטאָטלייט סדום און עמורה זענען מיר געקומען דיר אַרויפזעצן אויף דעם בענקל פון דעם אַראָפּגעוואָרפענעם שופט! —

לוט — שכורים וואָס איר זענט! דאַרפט איר מיר פריער אַרויפזעצן און דער נאָך אַראָפּ וואַרפן? — אָבער וואַרפט מיך שוין טאַקע אַראָפּ! —

בירגער — דאָ, אַז מען הייסט מוז מען! —

לוט — כ'ווייס כ'ווייס! דא איז אַ פריי לאַנד — אַז מען הייסט מוז מען — זאָג איך אייך אויך אַז איך הייס אייך גימען מיינע טעכטער — איר מוזט!

בירגער — דיר? — דהאַלט דיר (ביידע אב)

לוט — איין אומגליק נאָר מען ווארפט זיך מיט זיי! — ווארט, ווארט! אַז איך בין יאָ אייער שופט, וועל איך אייך משפטן, אַז ס'וועט אייך פאַרגיין אין די אויגן (ער גייט צו און זעצט זיך אויף דער שטול נעבן טויער וואָס איז פאַרן שופט — און טרינקט)

עירית — (לויפט אריין) ווי ווי ווי איז ער האָ? —

לוט — שטיי, דו פיסנע פלעצל! געזאָלצן זאָלסטו שוין ווערן!— די זעסט דען נישט ווי איך זיץ?...

עירית — אַ שווארצער חלום! וואָס האסטו זיך דאָ אַנידערגעזעצט, האַ? וואָס וואָס גייסטו בעסער נישט זעצן חתנים פאַ פאַר אונזערע טעכטער! — האַ? —

לוט — דרך ארץ! — איך בין א שופט! — גייסט נישט אוועקווארן אָט הייב איך אן צו פסקענען! — הער אויס מיין משפט! ראשית זאלסטו תיכף ומיד מיר ברענגען אַ רויטן קרוג וויין — שנית זאלסטו תיכף ומיד גיין צו אַלדע שווארצע יאָר! (זי טוט א מאך מיט דער האנט און לויפט אוועק אין שטוב) והשלישית זאָלסטו (ער קוקט זיך אום און זעט זי בים) הא, האָ! זי איז שוין נישטאָ — (ער טרינקט) ע ע! ווער פון אייך האט עפיס אַ לאדעניש, קומט אַהער גיך וועל איך אייך אנלאדן (מען הערט כלה'ס געשריין ווי זי זאגט: אוי אוי האט רחמנות) הערט! הערט! הא! האָ! די רשעים פאַרמוטשען שוין ווידער א נפש — אַ פריילעך שטעטל איז דאָס הפקר לאַנד עמורהקע קולות פון אלע זייטן — האַ האַ דאכט מיר איך זע קומען פון ווייטן אַ פאָר מענטשן צום משפטניין. זיי ווייזן אויס טו זיין נאָר פרעמדע וואנדערער — עס גלוסט זיך זיי שלימזל, קריכן זיי אהער אין דעם געבענטשטן לאַנד (ער לויפט זיי אנטקעגן) ע מיינע ליבע אונבאקאנטע! ווי איך זע, קומט איר פון א ווייטן וועג —



קומט אריין צו מיר אין שטוב וועט איר זיין מיינע געסט!— כ'האָב טעכטער צאַצקעלעך! — אַז דאָ וועט זיין אַ געשעפט! —

צוויי וואַנדערער קומען אריין פערקליידטע ענגלען) מיר דאַנקן אייך מיר ווען נעכטיקן אויף דער גאַס.

לוט — וואָס רעדט איר! איר זענט אומגליקלעך — איר האָט נאָך נישט געהערט פון דעם געפערלעכן לאַנד וווהין איר זענט אריינגעפאַלן! איר מעגט אייך גליקלעך שעצן, וואָס איך האָב אייך דער ערשטער דערזען — דאָ איז לויטן געזעץ, גאַסטפריינטשאַפט שטרענג פערבאָטן אונטער אַ שאַרפע שטראָף — נאָר איך בין דער איינציקער, וואָס איך הער זיי ווי דעם קאָטער איך האַלט פון דער מצוה הכנסת אורחים, ווייל אברהם איז מיין פעטער! — קומט אַריין, קומט אַריין צו מיר! איר וועט האָבן עסן, טרינקן, ווי צו שלאָפן. איך האָב מיר פאַס וויין אין שטוב און צוויי דערוואַקסענע טעכטער קוקעלעך!

די וואַנדערער — סאַקע דערפאַר, וואָס דו האַלטסט פון דער מצוה הכנסת אורחים וועלן מיר דיר ענטדעקן דעם סוד און דעם צוועק פון אונזער שליחות אַהער; כדי דו זאָלסט קענען געראַטעוועט ווערן פון דעם אומגליק, וואָס וועט באַלד טרעפן דאָס אָרט — דו זאָלסט וויסן, אַז ס'איז יעצט געקומען די חעכסטע צייט, וואָס גאָט וויל זיך נוקם זיין אין די רשעים! — נישט לאַנג וועט דויערן, און דאָס גאַנצע לאַנד מיט די שענע שטעט און אַלעס, וואָס געפינט זיך אויף דער ערד וועט פאַרברענט ווערן אין שוועבל און פעך.

לוט — (טוט א שמעק מיט דער נאָז) איך פיל טאַקע עפעס ס'שמעקט סמאַלענע! — נאָר דערווייל, איידער עפיס וועט זיין קען איך פאַרברענט ווערן פון דאָרשט, קומט אַריין לאָמיר זיך פריער אָפּקילן מיט אַ עמער וויין — ע עירית! פיסנע פלעצל! דיקלה, ציקלה! (אלע קומען אן) זעט! וואָס פאַרא ווילע געסט מיר האָבן? — נאָ? — כאַפט זיי גיך

אַריין! אָן צערמאָניעס איר זעט ווי אייערע באַשערטע קומען אַליין אין שטוב אַריין (דקלה צקלה שלעפּן אריין די אורחים אין שטוב

לוט (באַגעגנדיקן עירית) מאַך פאַרטיק עפּיס אַ שענע סעודה (ער שמעקט) עפּיס הערט זיך פון דיר שוועבל — הייבסט אפשר נישט אָן צו סמאַלצן? אַ פאַרברענט זאָלסט שוין ווערן. (ביידע אפּ אין הויז)

(מוזיק שפּילט א שטורם — דאס גאנצע פאלק פון די שטאט לאזן זיך אראפּלויפן פון די בערג דורך דער טויער צו לוטס וווינונג — אלע לויפן בייז, האסטיק צו דער פערשלאסענער טיר און קלאפּן מיט די שטעקנס זינגענד).

כאר — אַזאַ זונד צו באַגיין געגן אונדזערע געזעצן פונם לאַנד — ווי ער וואַגט עס?
זעצט אים אַלע אויס די טיר! — מאַך אויף! מאַך אויף! — גיב אַרויס די עמיגראַנטן, וואָס דו האָסט געבראַכט צו דיך אין שטוב אַריין.

לוט (גייט ארויס צו זיי פון דרויסן זייט טיר)
ברידער, וואָס ווילט איר? וואָס זעצט איר אין דער טיר?

בראַווע וואַנדערער, אָרעמע וואַנדערער, זענען יעצט אין שטוב ביי מיר?

ברידער! וואָס ווילט איר? וואָס זעצט איר אין דער טיר?
גייט פון ווייטן, ווייל די לייטן זענען געסט אין שטוב ביי מיר!

טעכטערלעך האָב איך קוקעלעך, פּופּעלעך!
איך זאָג אייך טאַקע קוקעלעך.
ווילט איר? נעמט זיי אייך צו!
נאָר לאָזט די געסט מיר צורו!

כאר — ניין! עס געט נישט, זעצט אים אַלע אויס די טיר; מאַך אויף!
(אין דעם מאמענט פאלן ארויס פון זייערע הענט, די שטעקנס



זיי ווערן בלינד, טאפּן אין דער טיר, ווי לוט איז אריין און האט אונטער זיי פארשלאסן)

כאהר — (בלינדע, טאפּן און זוכן מיט די הענט) אוי, אוי וויי וואָס איז דאָס פאַר איין אומגליק איך בין דאָך גאָר בלינד.
אוי, אוי לאָמיר נישט אַנטלויפן קומט אַיועק געשווינד!
(זיי נעמען זיך אן איינס פארן אנדערן ביז זיי זוכן אפּ דעם טויער פון דער שטאט און קריכנדיק ווערן זיי פארשווינדן, דער הימל פאנגט אן רויט צו ווערן).

די וואַנדערער (שלעפּן ארויס לוטן מיט אלע) גיך אַנטלויף פון דעם אָרט וואָס שגעלער! איר זאָלט אַפילו נישט אומקוקן!

לוט — וואַרט נאָר אַביסל, מיינע ליבע איבערקערערס! ביז מיר וועלן זיך אָפּטראָגן, קומט גיכער, פּופּעלעך! איר שמעקט מיר יעצט אַלע נאָך סמאַלצנע, פּיסנע פלעצל! גיכער!
(קוק דוך נישט אום)

דער וועכטער — (אויף דעם טורם פון דער שטאט זינגענדיק)
ערוואַכט אייך מענטשן אַלע אין איינעם! גיכער! ניטע שלאָפט!

דאָס פאָלק (פון אונטער די בערג) וואָס גייט פאַר עפּיס פאַר אַ נייעס? הערט, דער וועכטער רופט!

וועכטער — ערוואַכט אייך מענטשן אַלע אין איינעם, גיכער! — ניטע שלאָפט,
איך שפּיר יעצט, דאַכט זיך, עפּיס שוועבל אין דער לופט?...

פאָלק — ער שפּירט יעצט, דאַכט זיך, עפּיס שוועפל אין דער לופט!!!
זאָג! וואָס זעסטו אין דער הויך?

וועכטער — דאָרט זע איך אַ שטאַרקן רויך.
אַי! עס ברענט!

פאָלק — אַי עס ברענט!
(פייער סיגנאל אין דער מוזיק-שטורם! — עס פאנגט אן צו גיסן א רעגן פייער — דער מלאך המשחית פליט ארום מיט אברענ-

דיקער שווערד — ברענט אלעס און צינדט — לוס מיט די טעכטער לויפן דורך דעם בערגל לעבן ברונים — עירות לויפט נאך זי. בלייבט שטיין, קוקט זיך אום — עס ווערט פון איר א שטיק זאלץ — אלעס שטירצט אין פלאמען, ביז עס בלייבט א טייך פון פייער און רויך — מוזיק ענדערט דעם שטורם).

פארהאנג פאלט לאנגזאם

---

# דריטער אקט

(שטעלט פאר דיזעלבע געגנט ווי פון דעם ערשטן אקט — אויך אין דער מיט בינע ליגן צוזאמענגעלייגטע שטיינער אלס אלטאר — אויף דער גראזבאנק זיצט אברהם נאכדענקענד, נעבן אים אנגעשפארט צום בוים שטעט אליעזר, מיט בעווירענדע נאכדענקענדע בליקן קוקט ער אראפ צו אברהמן).

**אליעזר** וואס נאך זיצטו, אדוני, אזוי פארטראכט, פארטריבט.
דו האסט דאך שוין אלעס, וואס דו האסט געווינטשט, געליבט;
דער בעכער פון דיין גליק איז נאך נישט פול געוועזן ביז יעצט.
איין טראפן איז אריין, און האט אים פול געמאכט, צולעצט... —
דאס איז דיין זון, דיין יורש, א שמחה גאר א נייע,
וואס דיר האט געהאט דיין שרה די פרומע די געטרייע.
און דיין גאט, דיין גרויסער וואס דו הייסט אונדז אין אים גלייבן,
דער גלויבן אליין פערזיסט דיר קארג דיין לעבן;
וואס נאך פעלט עפיס דיר, זאג עס ארויס דיין קנעכט,
דיין סוד מיר צו פארטרויען האב איך לאנג פארדינט דאס רעכט.

**אברהם:** אמת האסטו געזאגט מיין טרייער דינער אצינד,

זאָ איבערגליקלעך בין איך מיט מיין רייכטום פרוי און
קינד.
נאָר — ליבער פון דעם אַלעמען, וואָס איך האָב, און
האָב געהאַט,
פון מיר אפילו, איז מיין שדי, יאָ מיין גאָט! —
מיט זיין אייגן ליכט, וואָס ער האָט אין מיין קאָפּ אָנ-
געצונדן,
האָט ער געמאַכט אַז איך אַליין זאָל אים קענען זעען
און ערפונדן
פון מיינער קינדהייט האָסט דאָך געוויס געהערט דער-
ציילן,
ווי נאָך אַלס קינד בין איך געווען באַהאַלטן אין די
היילן,
ווי די מוטער די נאַטור האָט מיך ביי זיך ערצויגן,
און מיט אירע צוויי שטיינערנע בריסטן האָט זי מיך אָנ-
געזויגן,
פון איינעם פרישע מילך, פון דעם צווייטן האָניק זיסן,
איר געטלעכע זאַפט האָט זי מיר שוין געגעבן צו געניסן.
נאָר — ווי אַ קינד וואָס האַלט אַ ספר און ווייסט נישט
וואָס עס בלעסערט,
אזוי האָב איך אלעס געזען נאַיוו — אַלעס האָב איך
פאַרגעטערט
די ערד, דאָס פייער, דעם ווינט, דעם הימל און די
שטערן,
פון יעדער קראַפט פלעגט ביי מיר דאמאָלס געטער ווערן!...
איך בין געוואָרן עלטער — רייפער פון טאָג צו טאָג,
האָט מיין פערשטאַנד מיך באַלד געפרעגט די ערשטע
פראַגע:
דיין שיינער גאָט דער בוים ער קען גאָר פערוועלקט
ווערן,
די לבנה שרעקט זיך פאַר דעם טאָג ווערט בלאַס מיט
אַלע שטערן.



די ליכטיקע שיינע זינען, די קעניגן פונם הימל,
באַהאַלט זיך פאַר דער נאַכט און גייט אויף כאַפּן אַ
דרימל.
און דער מענטש! — וואָס איז שוין רייך מיט וויסן און
פערשטאַנד,
שטאַרבט אויך אָפּ, און איז נישט ביי זיך אַליין אין
דער האַנט.
זענען די, ווי עס שיינט, נאָך נישט די רעכטע גייסטער,
זענען זיי, ערשט דאָס ווערקצייג פון אַ גרויסן מייסטער
ער פאַרענדערט אַלעס אָבער ענדערט זיך נישט אַליין,
ער שאַפט און זעט אַלעס אָבער אים קען מען נישט זעען,
ער, וואָס שאַפט אַלעס לעבעדיקערהייט ער מוז אייביק
לעבן,
ער איז דער איינציקער גאָט דאָס מוזן מיר אַלע גלייבן.
**אליעזר:** און מיר גלייבן אַלעס אין אים ווי דו פלעגסט
אונז ערקלערן.
אַז ער רעגירט מיט דער וועלט אַלעס מוז ער באַשערן.
און לענקט דעם מענטשנס מזל צום גוטן ווי צום שלעכטן,
באַשטראָפט דעם בייזן זינדער, טוט גוטס מיט דעם גע-
רעכטן.
נישט לאַנג האָבן מיר געזען ווי ער האָט פאַר חטאים,
געשטראָפט גאַנצע שטעט סדום עמורה פיל רשעים.
עס האָט נישט געהאָלפן דיין בעטן דיינע פערמיטלונג,
דיין שליחות,
כאָטש דיין גאָט ליבט דיך זער, ביסט ביי אים זער אַ
מיוחס,
און וויל דו ליבסט אים און גייסט אין זיינע גערעכטע
וועגן,
האָט ער דיך געבענטשט מיט געזונט, כבוד און פאַר-
מעגן.
**אברהם:** דאָס קלער איך אַלץ און טראַכט נאָר: מיט וואָס
קען איך פאַרגעלטן;

מיין גרעסטן גאָט דעם שעפער פון אַלע וועלטן!
מיט וואָס קען איך, קליין מענשל, בעווייזן אים מיין
טרייע?...
איך אָפּפער אים מיין גוטס — אַלע טאָג קרבנות נייע,
איך אָפער אים מיין הארץ מיין לעבן מיינע געפילן,
איך בין אים גאַנץ געטריי מיט צדקה און מיט תפלה.
דאָס אַלעס איז נאָך ווייניק — דאָס איז נאָך קיין ראיה
ביי מיר, ביי מיר! פון אַכטונג ליבע און טרייע —...
איין אָפּפער בעט מיין מייסטער איך זאָל אים געבן,
וואָס איז טייער פון מיין גאַנץ פאַרמעגן זאָגאַר, פון מיין
לעבן.
די גאַנצע וועלט זאָל לערנען דינען גאָטס ווי איך דין,
הער אויס דמשק! — פאַר איין עולה ברענג איך אים —
מיין זון!....

**אליעזר:** (געלאסן) דיין זון! — וועלכער זון? — דו האָסט דאָך קינדער צוויי,

**אברהם:** דעם איינציקן — וועלכן איך האָב ליב

**אליזער:** איינציק איז דאָך יעדער געבוירן פון זיין מוטער,

**אמרהם:** יאָ, דעם וואָס איך ליב מער ווי מיך ווי מיינע גיטער.

**אליעזר:** ליב האָסטו דאָךביידע מען קען נישט וויסן וועמען דו פאָטער, האָסט דאָך ביידע געקריינט מיט געמען,

**אברהם:** (פצרלייגן) נאָ — לאָז זיין, לאָז זיין... יצחק!

**אליעזר:** (מיט א ווילד געשריי) הא? — (געלאסן) וואָס הערן מיינע אוירן!

**אברהם:** נאָ יצחק (ענטשלאסן) יצחק! —

**אליעזר:** (שטוינענד מיט אן אומגלויבליכער מינע) וואָס אויף דער עלטער האָט דיין שרה דיר געבוירן?
ניין אדוני, ניין האָסט צו פיל ביי מיר נאמנות,
איך זאָל וואַגן מיינען אַז דו מאַכסט פון מיר לצנות.
איך מיין, דיין גאָט אַליין, וועט נישט וועלן צוריק דאָס
לעבן,



פון דער לעבעדיקער מתנה, וואָס אויף דער עלטער ער
האָט דיר געגעבן.

**אברהם:** מיין גאָט האָט מיך געהייסן! — וועמען הער איך, וועמען?
ער האָט מיר אים געגעבן, ער קען אים ווידער נעמען...

**אליעזר:** גאָט מוז האַלטן זיין וואָרט — אַז נאָר פון דיינע זאָמען,
וועלן ווי שטערן אין הימל קעניגן אַרויס שטאַמען

**אברהם:** (פערלעגן עטוואָס) און ישמעאל... ע און דו ביסט אויך איין אייגענער ביי מיר,
מיין גלויבן, מיין פערמעגן דאָס לאָז איך איבער דיר.
איך שענק אַוועק יעצט אַלעס: — פריער מיין הערן קומט דער גרעסטער שאַץ...
און דערנאָך, דינער! נעמט אייך אַלץ וואָס איר געפונט אויף דעם פלאַץ! —

**אליעזר:** (געטראפן) ווילסט פרווון דיין אַלטן קנעכט? — ווילסט פאָרשן נאָך זיין טרייע?
אַז ער וועט דערהערן פון ירושה וועט ער זיין זיך גאָר מחיה?

איך וויל קיין רייכטום! פון אַ רייכן הער קיין נאָמען,
ליבער זיין איין אָרעמער דינער ביים לעבעדיקן אברהמען,
איך בין צוגעוואַקסן צו אייך פון מיין יוגנט פרילינג,
ווי פון זיין געבוירן אַ צונויפגעוואַקסענער צווילינג,
מיט לייב און זעל און בלוט, מיט שמחות און מיט ליידן-
אַז נאָר דער טויט אַליין קען מיך פון אייך צושיידן —
האָב איך מיך אין אַ ווינקל דען נישט אויסגעוויינט באַ-
זונדער,
ווען איך האָב געהערט אַז דו מיט שרהן בעטן אויף
קינדער?
און אַז יצחק איז געבוירן געוואָרן, מיט וואָס פאַר אַ
פריידע,
האָב איך ווי משוגע געטאַנצט צווישן אייך ביידע.

מײנע הענט האָבן אים געװיגט איך האָב אים ערצויגן!
נישט אײן נאַכט האָב איך געװעכט בײ אים, נישט צוגע־
מאַכט מײנע אויגן.
ער איז מיר טײער פון מײן לעבן — און מײן אײנציקער
װוּנטש איז געווען,
איך זאָל דערלעבן נעבן מײן יצחקלען בײ דער חופּה
צו שטען.
און יעצט וואָס דאַרף איך הערן (װײנט) איך גלײב מיר
נישט גײן,
אַז דאָס יונג אונשולדיק קינד מוז פון דער װעלט גאָר
גײן!...
און איך אַלײן מיט דיר — געװאַלט געװאַלט! מיר בײדע,
זאָלן פירן דאָס טײערע קינד װי אַ שאָף צו דער עקידה!
אָ גײן מײן טײערער אדוני! זאָג דו װעסט עס נישט טון.
(ער פאַלט אויף די קני)
זע דײן טרײער דינער בעט רחמים פאַר דײן זון.
ביזט פרום, האָסט ליב דײן גאָט — פאַרגעס אָבער נישט
װײטער,
אַז יצחק איז דײן זון, און דו ביזט דאָך זײן פאָטער!
(ער הײבט זיך אויף)

אברהם: (מיט אײנגעהאַלטענעם שמערץ) פאָטער!
אליעזר: און זײן מוטער שרה — אָ איך װיל דערבײ גאָר
נישט שטען,
בײם מאָמענט אַז זי װעט הערן װאָס מיט איר קינד איז
געשען.
יאָ! דער צװײטער קרבן איז שוין פאַרטיק, דער װעט
זײן, זײן מוטער
און איך דײן טרײער דינער — מײנסטו װעט זײן דער
דריטער!
אײדער דאָס צו דערלעבן איז מיר צו שטאַרבן בעסער,
װעל מיך צום ערשטן קרבן — נעם גיך אַרויס דײן מעסער!
(ער בויגט אײן דעם קאָפּ)



אברהם: אָ שטן ... שטײ אויף! — אַװעק פון מיר! — גײ גײ!...
(אליעזר װיל גײן)
(אברהם געלאַסן) אַהער קום דמשק מײן טרײער דינער שטית
(אליעזר װײנט און שטיקט זיך מיט מורא)
(זיפצנדיג) עס איז אײנמאָל פעסט ענטשלאָסן — גאָט האָט
מיר געהײסן,
און דו זאָלסט נישט דאַכטן קײנעם װאָס מיר בײדע
װײסן,
און הימן זאָל דיך גאָט װען װעמען דו װעסט דערצײלן,
יעצט בין איך װידער דײן הער! דו הערסט! — איך קען
באַפעלן!
נישט ברענגען פאַר דײן מויל — נאָר שװײגן, שװײגן —
שװײגן,
די װײנסט שקלאַפע! — נישט װײנען זאָלסטו װאַגן —
שרה: איך קום װידער יעצט צו דיר, אברהם, מיט אַ קלאָג:
איך קען דאָס דאָך נישט אויסהאַלטן עס איז מיר דאָך
אַ פּלאָג,
צו זען װי דײן זון פון דער שפחה הגר אַצינד,
שפּילט זיך און רײצט זיך מיט יצחקן אונדזער קינד.
אָט דער געמײנער מצרי האָט צוזאָגן נישט קײן בושה,
אַז ער, אַלס בכור, װעט נעמען טאָפּלטע ירושה,
װי עס הײסט: אויף אונדזער טויט קוקט ער שוין לאַנג
אַרויס,
און יצחקלען קרענקט דאָס זײער, ער האַלט עס גאָר
נישט אויס.
איך בעט דיך נאָך אַמאָל — און אַזוי װעט מוזן
בלײבן:
די שפחה מיט איר זון מוזט מיר זען פאַרטרײבן! —
װאָס װײנט דמשק? (אברהם טוט אים אַ װינק ער זאָל נישט
װײנען)
אברהם: (צו שרה׳ן) דו װײסט דאָך שרה, אַז דיך צו פאָלגן
בין איך תמיד גרײט.

אַ פּלאַן האָב איך, וואָס די קינדער חעלען אַזוי אויך
זיין צושיידט:
דו ווייסט דאָך אַז איך בין אַלט געווען אַלס קינד קוים
דריי יאָר,
האָב איך שוין גאָט געקענט און זיין וווּנדערליכע
נאַטור,
מיין קאָפּ האָט שוין געטראָגן, אַז עס וועט אין יענעם
בלויען געצעלט,
לעבט אייביק דאָרט אַ מייסטער וואָס ער רעגירט די
וועלט.
ער שאַפט אַלעס וואָס איז דאָ ער קען בלייבן ער קען
טייטן,
ער פירט דעם מענטשנס מזל — און נאָר אים דאַרפן
מיר בעטן;
דאָס האָב איך אויך דיך געלערנט און מיין גאַנץ הויז־
געזינט,
דאָס האָב איך אויך יצחקלען געלע־נט אונזער איינציק
קינד.
נאָך מער! נאָך מער וויל איך זאָל ער קענען פון זיין
פאָטער...
ער זאָל קענען מיין אמונה פערברייטן ווייטער, ווייטער!
און מצות זאָל ער טון אַזוי פיל עס צעלט אין גוף
דער אבר... —
נישט ווייט פון דעם באַרג מוריה דאָרט וווינען שם ועבר,
צוויי פרומע ערליכע אַלטע, וואָס פאַרברייטן דאָרט
מיין תורה,
דאָרט לערנען פלייסיק אַלע וואָס דינען נאָר אונזער בורא
כדי מחנך זיין צו מצות, יצחקן אונזער זין,
וועל איך אַליין אים פירן, גיין מיט אים אַהין.
און דו אַלס מוטער — פאַר דער שמחה וואָס ער ווערט
בר מצוה היינט,
זאָלסטו אָנגרייטן אַ שיינע סעודה פאַר אַלע גוטע פריינט



מיר זאָלן אַלע די צייט מיט זיי צוברענגען אין פריידן,
איידער מיר וועלן זיך יעצט פון אייך שיידן. —
(אליעזר וויינט, אברהם ווינקט)
שרה (נאָכדענקענדיק) זיך שיידן — דו רעכנסט מיט אונזער קינד
פאַרבלייבן דאָרטן לאַנג?
דו ווייסט איך בין אַ מוטער מיין האַרץ וועט מיר זיין
באַנג.
אברהם נישט... לאַנג...
שרה דיין ערליכן ווילן פאָלג איך — נאָך מער וויל דאָ,
האַנדלט זיך דאָס קינד צום גלויבן ווידמען אין אַ גוטער
שעה.
נאָר — איך בעט דיך מיין מאַן — זיי מיר... זיי מיר
מוחל וואָס איך ציטער.
איך בין דאך נאָר אַ שוואַכע פרוי און דער צו מיין
קינד אַ מוטער...
אברהם (עטוואָס שטרענג) דאָרט ווי די ריידע איז פון גאָטס
ווילן פאַרגעם צו זיין אַ אשה
מיר זאָלן זיך נישט פרייען גאָט צו דינען איז פאַר אונז
אַליין אַ בושה,
קום, מיין פרומע שרה, לאָמיר צו ברענגען די צייט
פריילעך,
און לאָז זיך דאָרט גאָטס אויך פרייען ווי מיט זיין פרינץ
דער מלך.
(ביידע אָב
אליעזר (קוקט זיך אַרום ביז ער זעט אַז זיי זענען אוועק געגאַנגען)
זעצט ער אויס מיט אַ ווילד געוויין)
אַציגד קענסטו וויינען אליעזר! שיט אייך אַרויס איר
טרערן!
פול איז מיר מיין האַרץ. — טאָמער וועט מיר גרינגער
ווערן. —
(ער מאכט נאָך) און די פרומע שרה זאָגט! „זיי מיר מוחל
וואָס איך ציטער,

איך בין דאָך אַ שוואַכע אשה און דערצו מיין זון אַ
מוטער!"

אי! דאָס הערצעלע, דאָס הערצעלע זאָגט איר עפּיס נישט
צום גוטן...

און איר אַלטער הייסט מיר שווייגן איך מוז וויינען און
זיך היטן.

— האַ? (ער טראַכט) איז דען מעגלעך אַז ניין גרויסער גאָט
וואָס איז גרויס אַ וווּנדער,

זאָל פאָדערן מענטשן צום אָפּפער קליינע, איינציקע ליבע
קינדער?

האַ? (טראַכט ענטשלאָסן) נאַ, כ'וועל נאָך וואַרטן ביז מאָרגן —
דערווייל האַרץ האַלט דיך איין,

פלאַץ נישט פאַר דער צייט ביז וועסט זען וואָס דער סוף
וועט זיין. (אַב)

אויסטריט יצחק און ישמעאל *)

יצחק (לויפט אַריין) ניין, ניין, ניין איך וויל נישט איך וויל נישט.

ישמעאל (מיט פייל און בויגן) גאַראַניאַ וואָס אַרט דיך שטיי אַ
מינוט!

איך וויל דיר ווייזן גאָר אַ נייע שפּיל,
ווי איך קען טרעפן גוט מיט דעם פייל און ציל.

יצחק איך ווייס דו קענסט טרעפן — שיס וווּהין דו ווילסט
דיר,

נאָר איך בעט דיך מאַך נישט קיין שפּאַס מיט מיר.

ישמעאל איין עלטערן ברודער נאָך מיט אַ באָרד דאַרף מען
הערן, דערצו בין איך אַ בכור!

יצחק וואָס הייסט אַ בכור!

ישמעאל דאָס הייסט דער עלטסטער, אייזל, וואָס פאַרשטייסטו
דאָ נישט,

---

*) אין רומעניען און אין ניו־יאָרק מעג זיך דער קאָמיקער ערלויבן צו
מאַכן די פאָלגענדע פּאַטאָמימאַ



אַז איך וויל דיר ווייזן אַ שיינע זאַך, וואָס קענסט דאָ
אָנוווּערן?

איך שטעל מיך פון דיר פונדערווייטנס צוואַנציק טריט,
און דו וועסט האַלטן אין דיין האַנט דיין פלעצל מיט די
לעכער,

נאָר שטיין אויף איין אָרט האַלטן די האַנט הויך — נאָך
העכער.

און איך וועל מיט מיין פייל טרעפן פונקט אין חלול
אַריין,

טרעף איך יאָ אין ציל אַזוי גיהער דער פלעצל צו מיר,
טרעף איך אָבער נישט,

יצחק וואָס זשע וועט דאַמאָלס זיין?

ישמעאל גיהער דער פלעצל שוין צו מיר —

יצחק וואָס?

ישמעאל מיין איך צו דיר!

יצחק ער איז דאָך טאַקע מיינער,

ישמעאל ניין גיב איך דיר אָפּ צוויי.

נאָ האַלט זשע אַזוי די האַנט און ריר זיך נישט שטיי!

ישמעאל בעפעסטיקט אין יצחקס האַנט דעם פלעצל — און וועד־
רענד ער געפינט ס'איז גוט די פאָזיציע ___ ציילט ער אָפּ
צוואַנציק שריט און ווי ער שטעלט זיך ווי־זאָ־ווי דערזעט ער
ווי יצחק לאָזט אַראָפּ די האַנט און פרעגט אים אין וועלכן
חליל זאָל ער אָנווייזן דאַרף ער טרעפן ___ ער ווייזט אים ___
און ווי ער שטעלט איב ווידער ___ און מאַכט זיך פערטיק
דערזעט ער ___ ווי יצחק טוט אַ ביס דעם פלעצל ___ ער לויפט
צו צו אים ___ מאַכט אים אַ וואָרוווּרף וואָס ער עסט און בייסט
אַליין אָן אַ שטיק, און זאָגט אַז ווען מען וועט אַזוי בייסן
ווייטער וועט מען אויפעסן אַלע לעכער און עס וועט מוזן
טרעפן אין מויל אַריין ___ ענדלעך ווערט רואיג יצחק שטייט
אויפן פלאַץ האַלט דאָס שטיק" פלעצל אין דער הויך ___
ישמעאל שטעלט זיך פון ווייטן ריכטעט דעם בויגן צו דעם

אויג און ווי ער וויל אזוי אפלאזן די פייל — קומט אן פון
ווייטן אליעזר און כאפט זי אויס).

אליעזר: שטיי! דו ווילדע זאך! וואס איז דאס פאר א שפיל?
איך ווייס וועמען דו ווילסט טרעפן, וווהין עס איז דיין
ציל ...
נאר נישט דערלעבן וועט דער פון א מצרי דער שורש,
אפשאפן פון דער וועלט אברהמס איינציקן יורש.
גיי! (יצחק לויפט צו אין רער אומארמונג פון אליעזר)

ישמעאל: איך זאל אזוי וויסן פון דיר ווי איך ווייס וואס
דו רעדסט,
אליעזר: גיי מאך פארטיק בעסער עפעס גוט עסן פאר די
געסט,
ישמעאל: דאס פארשטיי איך מיך גוט, צו דעם ווייסטו אויך
אז אויך טויג,
איך קען טרעפן מיטן מויל אין שיסל אזוי גוט ווי
מיטן אויג.
איך קען מאכן גוטע מאכלים צו דער סעודה — נאר
פארגעסט נישט אז מיר קומט צוויי חלקים איך בין דער
בכור! (אב)

יצחק: וואס איז טרייער דמשק וואס איז עפעס מיט דיר גע
ווארן,
עפיס האסטו פון א קורצער צייט דיין פריילעכקייט פאר-
לארן,
ארט דיך באמת ישמעאלס נארישע רייד?
אליעזר: ניין מיין קינד — פארקערט איך בין פול מיט
פרייד,
וואס דיין אלטער פאטער די פרומע בריה,
וויל גיין מיט דיר אין דער פרי צום בארג מוריה.
ביי שם ועבר דיך לערנען די הייליקע תורה,
דיך לערנען ווי מען ברענגט א קרבן צום איינציקן בורא.
(ער וויינט)



יצחק: נא וואס זשע וויינסטו — דער גאנג איז גוט דארף
איך וויינען,
איז דער וועג נישט גוט דערצייל! — פילייכט דארף איך
אויך וויינען.
ווערסטו דען בלייבן דא? — וועסט דען מיט אונדז נישט
מיטגיין?
אליעזר: יא, איך וועל גיין, איך מוז גיין, איך אליין וויל
אויך לערנען און זען.
ווי אזוי ברענגט מען דארט קרבנות... ווי לערנט מען
דארט תורה...
איך וויל אויך יעצט לערנען קענען אברהמס איינציקן
בורא!...
איך גיי דיר נאך טריט ביי טריט — איך לאז דיך נישט
אפ מיין נחמה,
און ווען איך וועל אפילו שטארבן — וועט דיך באדינען
מיין נשמה (וויינט)
יצחק: (צערטלען) איך ווייס דו ביזט מיר טריי — דערפאר וויל
איך נישט זען,
וואס דו ביזט טרויעריק? — איך בעט דיך דו מוזט דיך
פרייען.
אויף מיין שמחה ווילסטו נישט טאנצן? —
אליעזר: (מיט איגערן שמערץ און אויסערע פארשטעלטע פרייד) נאר
טאנצן טאנצן איך וועל נישט ווערן מיד.
ישמעאל: (לויפט אריין) לעזער לעזער! קוק אן! נא וואס זענט
איר אייך דא אזוי פארזעסן,
די געסט קומען שוין, מען דארפט ברענגען דעם קרבן,
איר האט פארגעסן,
היינט איז דאך עפיס א סעודה מען דארף עסן און עסן.
(יצחק און אליעזר הייבן זיך אויף און גיין ארויס — ישמעאל
בלייבט)
ישמעאל: ווען איך זאל האבן א סך געהירן און א קאפ א
גרויסן,

וואָלט איך עפּיס פאַרשטאַנען — נאָר מען דאַרף זיך דאָ היטן.
אליעזר איז בייז, די אַלטע קומענדיק — יצחק גייט לערנען תורה,
מען פירט אים אַוועק אויף אַ באַרג — ער זאָל נישט בלייבן דאָרטן האָב איך מורא.
פאַרוואָס האָב איך מורא? — איך דאַרף נאָך נחת קלויבן
אַז יצחק זאָל נישט צוריקקומען און איך זאָל דאָ פאַר בלייבן.
אַז איך פאַרשטיי נישט און מיין מוח איז אַ ביסעלע שמאָל
נאָ איך מוז פרעגן מיין פריינט דעם עזעל — ער טרעפט צומאָל,
האָ! איך הער מען קומט — דערווייל לאָז איך אַלדינג פאַרגעסן,
וואָס עפּיס וועט זיין — דערווייל דאַרף מען עסן — עסן —
(מוזיק שפּילט אַ מאַרש — עס גייט אַ צוג — פריִער גייען קינדער מיט פאַקעלן אין די הענט — נאָך זיי — עלטערע מענטשן, מאַנכע טראָגן פּויקן און טאַנצן — נאָך זיי גייען מענטשן — צוויי פּערזאָנען טראָגן אויף אַ ברויט אַ שעפעלע — נאָך זיי טראָגט אליעזר אַ פאַן מיט ווייַרויך, נאָך אים יצחק מיט אַ קריגל אין איין האַנט, אין דער אַנדערער אַ גרויסן בעכער — נאָך אים אברהם — דער צוג גייט רונד אַרום דעם מזבח, וואָס שטייט אין דער מיט ווערענד אברהם גייט צו צום מזבח — צינדט אָן דאָס פייער און ריכט דעם קרבן — לאָזן זיי גיין פרויען אין ווייסן געקליידעט פאַרוויקלט — דאָס געזיכט פאַרשטעלט מיט ווייסע גאַזשלייערס וואָס הענגען אַראָפּ פון דעם געזיכט, נאָר די אויגן קוקן אַרויס — זיי האַלטן אין די הענט בלומען מיט פרוכטן — נאָך זיי קומט שרה מיט אַ פּאָר טויבן אין די הענט — די פרויען שטעלן זיך אַלע אויס אין אַ ריי אין דער לענג ווערענד אַלע מענער מאַכן אַ ראָד רינגאַויס דעם אַלטאַר — אברהם שטייט נעבן ברענענדיקן מזבח — נעבן אים יצחק — ווערענד אברהם



טייבט אָן זינגען די סאָלאָ פאַלן אַלע אויף די קני מיט די פּנימער צו דער ערד)
אברהם (זינגט) אַדאָ ביי אונדזער הייליקן אַלטאַר,
אַך בעטן מיר דיך אַלע גרויסער האַר.
כאָר אָ האַר!
אָ האַר!
אברהם: באַהיט אונדז אַלע דיינע קנעכט פון לייד און צער.
כאָר (היבן אויף די קעפּ און די הענט צום הימל נאָך שטייענדיק אויף די קני)
מעגן אַלע פעלקער און אומות צו גלייך,
ביקן זיך און דינען צו געטער אַ סך.
מיר ווייסן נישט פון קיינעם
מיר דינען נאָר איינעם.
מיר גיבן נאָר צו דיר אַליין אַ שבח,
וואָס די וועלט איז דיין,
הימל ערד און שיין.
די וויסטע, אויך וואַלד דער גרינער
וואָס אין די ליפטן שוועבט,
וואָס אין די וואַסערן לעבט.
אַלע זענען דיינע דינער,
אַלע פעלקער א. א. וו.
אברהם האָ! — יאָ!
כאָר האָ! האַ! יאָ! יאָ!
אברהם גאָט געפעלט דאָך אונזערע קרבנות,
ער שיקט אונדז ישועות און נחמות,
פאַר אונזערע נשמות,
(נאָכדעם — שפּילט די מוזיק אַ הייליקן טאַנץ — זיי הייבן זיך אויף פריילעך און טאַנצן — נאָך דעם טאַנץ, ווינטשן זיי זיך אַלע צו, איבערהויפּט אברהם מיט יצחקן — די פרויען שרהן — די פרויען זעצן זיך אַרום אויף דער ערד רונד מיט שרהן צום עסן — די מענער די פיס אונטער זיך אויך רונד אויף דער ערד אָן דער שפּיץ אברהם נעבן אים זייט יצחק —

נעגעריגען בעדינען די פרויען — און נעמערס די מענער סאר־
ווירן דאָס עס)

**אליעזר** (נעמט איין פון הערפס אין דער האנט — זעצט זיך צווישן די מענער און פרויען און זינגט — ווערענד אלע עסן. נאָך דעם זינגען, הייבט זיך אייגער אויף און לאָדט איין יצחקן ער זאָל עפּיס זינגען — מען שטעלט צו אַ טישל — מען שטעלט יצחקן אַרויף — אלע שטיין נייגעריק אַרום אים)

**יצחק** (פאַנגט אָן) אַז איך וועל אייך זינגען פון נחס תיבהו

1.

(ער זינגט)

אַז נוח האָט געמאַכט די תבא,
דער מבול האָט באַדאַרפט צו זיין,
פילע פאָרלעך זכר נקבה,
לויפן צו אין ווילן אַריין —

„זיידע האָב רחמנות,
בעטן זיי מיט אַ געוויין,
דאָס וואַסער רוישט שוין מיט אַ סכנה,
לאָז אונז דאָ, אָך נישט דערגיין!“

— אַ וועקט רשעים,
די חטאים
זענען פאַר דער ערד צו שווער,
נאָר אָפּמעקן!
נישט פאַרפּעקן,
זאָלט איר די וועלט די נייע מער!“

„מעגסט אונז, זיידע, הייליק גלייבן
די נבאה זאָגט אליין,
אז אונזערע קינדער וואָס וועלן לעבן,
וועלן דיינע אין די נויטן שטיין!“

און נוח טוט אַ גלעט זיין שטערן,
און הייזט אָן זיי אויף דער טיר,
פון וועמען איך וועל גוטס נאָר הערן,



זאָג איך גלייך קום צו מיר.

כאָר ווידערהאָלט

קום צו מיר אין תבה אַריין,
קום אַריין, קום אַריין.
קום צו מיר אין תבה אַריין.
קום אַריין, קום אַריין!

2.

אַדאָ זעט מען צו דער תבה,
שפּאַנען שטאָלץ פּאָרלעך צו
ביידע זכר נקבה,
אַ ווילדע לעווע מיט זיין „זי“

זיידע נוח האָב רחמנות
ברימען זיי מיט אַ געוויין
דאָס וואַסער רוישט שוין מיט סכנות.
לאָז אונז דאָ, אָך, נישט דערגיין! —

אַוועק איר חיות.
ווייגע קינדערס חיות.
מעגט איר צורייסן מיט אייערע ציין!
מעגסטו אונז גלייבן
שווערן די לייבן,
מיר וועלן זיי גראָד אין די נויטן שטיין!

אַז אַ רשע וועט אַמאָל דניאל׳ן
אַריינוואַרפן אין לעווען גרוב,
וועלן זיך מיינע קינדער שפּילען.
מיט אים פריינטלעך און זייער ליב.

און נוח הערט די שיינע ווערטער,
און זאָגט: שנעל מאַכט אויף די טיר.
אַדוני לייב מיט דיין באַשערטער.
איר האָט שוין געפּועלט ביי מיר!
קומט צו מיר אין תבה אַריין א. ז. וו.

3.

פלוצלונג זעט מען צו דער תבה,
צוויי רויבפייגל פליען צו
ביידע זכר ונקבה,
א שווארצער רעבע מיט זיין ווייב.

זיידע נוח האָב רחמנות,
קרעקן זיי מיט א געוויין
דאָס וואַסער רוישט שוין מיט סכנות
לאָז אונז דאָ, אַך, נישט דערגיין,
— כ'בין גאָר נישט תופס,
איר טמא עופות.
ווי וואגסט איר גאָר יעצט אזא שריט,
דו און דיין ווייבל,
מיטן שארפן שנאָבל.
פרעסט דאָך מענטשן פלייש און בלוט
וואַרט, זאָגט דער רעבע, מיר וועלן דיר ווייזן,
אז אליהו הנביא וועט זיין אין א נויט,
וועלן אים אונזערע קינדער שפייזן.
צוויי מאָל אין טאָג מיט פלייש און ברויט
און נוח'ן איז געפעלן דער שווינדל
און שמייכלט נאָר מאַכט אויף די טיר,
שפּן איר ערליך רויבנגעזינדל.
איר האָט שוין געפּועלט ביי מיר.
קומט צו מיר אין תבה אריין א. ז. וו.

4.

פלוצלינג זעט מען ביי דער תבה,
שטייט א פארל און קייט שטרוי
ביידע זכר אין נקבה.
א קליינעם אייזל מיט זיין פרוי
זיידע נוח האָב רחמנות.
הירזשן זיי מיט א געוויין,
דאָס וואַסער רוישט שוין מיט סכנות.



לאָז אונז דאָ, אַך, ניט דערגיין.
— וואָס ווילסטו חמור,
מיט דיין יאַמער.
וואָס פאַר א מצות קענסטו טון?
זעסטו זיידע,
פון אונז ביידע.
וועט אמאָל ארויס א קלוגער זון,
וועט אויף אים וועט בלעם רייטען,
צו שעלטן דיינע קינדער מיאוס,
וועט די קללות ער אין ברכות פארבייטן,
ווייל צוקוועטשן וועט ער אים זיין פיס.
אַז דו זאָגסט אין אמת מן הסתמה,
זאָגט נוח שנעל מאַכט אויף די טיר,
מיסטער אייזל מיט דיין מאדאמע.
איר האָט שוין געפּועלט ביי מיר,
קומט צו מיר אין תבה אריין א. ז. וו,

5.

פלוצלינג זעט מען צו דער תבה.
שלעפּט זיך א פאָרל לאַנגזאם צו
ביידע זכר ונקבה,
א גרויסער אָקס מיט א רויטער קו.
זיידע נוח האָב רחמנות
מרוקען זיי מיט א געוויין,
דאָס וואַסער רוישט שוין מיט סכנות,
לאָז אונז דאָ. אַך, נישט דערגיין.
„איר ווילט זעלבער,
מיט אייערע קעלבער.
פאַרגעטערן זאָל איך מיין קינד?
פארקערט זיידע,
דאָס איז די ריידע.
זיך אָפּפאָרן פאַר זיינע זינט,
אז איינער וועט אמאָל זיין חוטא

װעלן זיך מײנע מקריב זײן אָן צאָל,
און מיט דער צײט װעט זײן אָט די רויטע,
די כפרה פאַר גאַנץ קהל.
און נח זעט די פרה אדמה
און זאָגט: שנעל מאַכט אויף די טיר,
פעטער אָקס און די רויטע מומע,
איר האָט שוין געפועלט בײ מיר.
קומט צו מיר אין תבה אַרײן א. ז. ו.

(אלע לויפן צו און קושן יצחק׳ן בענטשן אים און װינשן אים צו צום װעג אין דער צײט נעמט אברהם אליעזרן מיט ישמעאל׳ן אין א זײט און זאגט זײ עטװאס שטיל).

אברהם: נעמט דאָס האָלץ װאָס איך האָב אָנגעשפּאָלטן,
און דאָס פײער און אַלעס װאָס מען דאַרף,
פּריװו אויך דאָס שלאַכטמעסער צו ס׳איז גוט שאַרף.
אויף דעם אײזלס ריקן זאָלט איר אַלעס האַלטן.
דאַן קוים נאָר פרי גײען מיר צום באַשטימטן אָרט.
אליעזר: אדוני!—
אברהם: נאָר טון װאָס איך זאָג און קײן װאָרט.

(אלע געסט נעמען אבשיעד און גײען ארויס)

ישמעאל: איך גײ אויך מיט מײן אײזל מײן בעסטן פרײנד,
ער בעט מיר זײן אויפן װעג די צװײטע האַנט.
װײל קײנער רעדט נישט מיט מיר װי ער נאָר.
פון אים װעל איך אפשר װיסן װאָס דאָ גײט פאָר.
װעל איך פון אים נישט װיסן טו איך זיך אַ קלאַפּ,
אַז מײנע אַלע געהירן זאָלן מיר אַרויס פונם קאָפּ.
אברהם: (פירט צו יצחק׳ן, צו שרה׳ן)
געזעגן דיך מיט דײן מוטער מײן אײנציגער זון,
בעפאָר צום באַשטימטן אָרט מיר װעלן גײן אַהין.
יצחק: װי פרײט זיך מיר מײן האַרץ איך קען קײן װאָרט געפינען,
צו גײן מיט מײן פאָטער אונזער גאָט צו דינען.



און װען איך װעל שוין קענען די תורות אָן שיעור,
דײן מוטער מיט פרײדע קער איך אום צו דיר.
שרה: (פארלײגן געלאסן) זײ מיר מוחל מײן מאַן װאָס איך װיל דיך פרעגן.
װי לאַנג װעט דױרן די צײט זענען װײט די װעגן?
אברהם: צו װײט צו לאַנג. נישט קען איך באַשטימען.
שרה: נאָ גײ געזונטערהײד מײן טײער אײנציק קינד — — —
אברהם — דו מוזט מיר װידער מוחל זײן געשװינד,
נאָך אײנס פרעג איך — װעל איר גיך קומען?
אברהם: (פערלעגן) דאָס קען קײן מענטש װיסן — גאָט באַשטימט די װעגן
און בעסער טוט דער מענטש װײניקער צו פרעגן... —
נאָ קום — ער נעמט אָן יצחקן בײ דער האַנט און װיל גײן
שרה: א קלײנע באַװעגונג פאַרװעטס, נעמט אָן יצחקן בײ דער האַנט
נאָך אַמאָל װיל איך מיך אין דיר זאַט אָנקוקן,
נאָך אַמאָל װיל איך דיך צו מײנער ברוסט צודריקן.
פאַרצײ מיר מאַן, װאָס מיר איז שװער צו שײדן,
איך בין אַ מוטער — מער דאַרף מען נישט רעדן.
דאָס איז די פרוכט װאָס 90 יאָר האָב איך געװאַרט אויף איר.
און 9 חדשים אונטער מײן האַרץ געטראָגן בײ מיר.
אָה װאָלט איך געװאָלט דיך אויך יעצט באַהאַלטן בײ זיך.
מען זאָל דיך נישט קענען צו נעמען — (זי װײנט)
יצחק: (גערירט) — מוטער! בײ דיר בלײב איך —
אברהם: שרה! דו פאַרגעסט דיך — װילסט זינדיקן געגן גאָט חלילה
דורך דײנע איבערטריבענע מוטערליכע געפילן?
און פאַרגעסט, אַז אַלע דײנע געפילן װילן און געדאַנקען,
יאָ, זאָגאָר דײן לעבן און דעם קינדס האָסטו גאָט צו פאַרדאַנקען.
קענסט ליבן דאָס קינד װי איך — נאָר נישט מער פון אונזער בורא,

איך ווייס נישט וואָס איך ציטער — קאַלט ווערן מיינע גלידער,
קום אַהער און דריקט דיך צו פעסטער צו מיין האַרץ,
דערוואַרעם איך אינווייניק — פיליכט פאַרגייט דער שמערץ.

(זי דריקט אים צו שטארק)

אָט אזוי — אזוי — נאָך בעסער — יאָ אזוי — גוט — גוט
יעצט פיל איך מיך בעסער — לייכטער די מינוט.

(דער מאנאלאג ווערט געפירט — לאנגזאם — מיט פויזן — בע-
גלייטעט מיט ווארעמע הייסע געפילן)

אברהם (גערירט אבער מוטיג) נאָ גענוג! — עס רופט אונז גאָטעס
שטימע לאָז אים שוין גיין, שרה מיין צערטליך חייב די פרומע.

שרה (מיט א ווילדער מימיק אבער גאך געלאסן רייסט אוועק פון אים
יצחקן און האלט אים פעסט גלייך ווי זי פערטיידיקט אים קעגן
אן אומגליק).

האָ! — יעצט הייס איך נישט שרה — יעצט בין איך נישט דיין ווייב,
יעצט בין איך יצחק׳ס מוטער — מיין זעל, מיין בלוט, מיין לייב!
יאָ איך בין די פרימע — אָ מיין גאָט האָב איך ביי מיר
יעצט בין איך גאָר קיין מענש — יעצט בין איך א ווילדער טיר.

(שטארק פערווירט)

יעצט בין איך גענוג שטאַרק — און ווי ווערט זיין דעם אצינד,
וואָס ווערט פרווון אַרויסרייסן איר קינד.
היט אייך פאַר די נעגל פון דער צערייצטער צנועה!
פירן ווילסטו אים לערנען — דאָרט צום באַרג מוריה!
תורה צום שם ועבר דאַרף ער לערנען גיין?
און ווי האָבן זיי דען געלערנט ווען נישט פון דיר אליין!...
ביסטו דען נישט פון זיי דער לערער גאָר דער בעסטער!



דאַרום לאָז בלייבן און דער היים דיין מוטער הערץ —
און דו קום לערנען תורה. —

יצחק: איך גיי, איך גיי, מיין פאָטער, איך ווייס עס וועט זיין שיין:
נישט איינמאָל האָסטו מיר דערציילט געלערנט דו אליין.
פון דעם גרויסן גאָט — וואָס זיצט אין הימל דאָרט.
און דאָך געפינט ער זיך לעבן אונז אין יעדן אָרט.
ווי ער האַלט די הייסע זינען און בריט זיך קיינמאָל אָפּ.
ווי ער פירט זי אַרויף אויפן הימל און פירט זי ווידער אַראָפּ.
און ווי ער מאַכט די טונקעלע נאַכט און מלאכמלעך אָן א שיעור —
ווינקען מיט זייערע בריליאַנטענע אייגלעך אַראָפּ צו מיר.
און ווי שיין איז די געשיכטע כ׳האָב זי באַהאַלטן אין מיין קעמערל
פון אונזערע עלטערן אדם און חוה, פון דער שלאַנג, פון דעם עפל,
פון די ברידער — ווי הבל׳ן האָט דערשלאָגן קין,
און הבל׳ס בלוט פון דער ערד הערט מען נאָך היינט שרייען.
און פון דעם טורם פון בבל — און — און — יאָ: —
נאָך שיינע שריט.
ווי דו האָסט דעם זיידנס אָפגעטער צוהאַקט אויף פיצלעך.
און ווי... מוטער אַז איך וועל צוריק קומען וועל איך דיר אַלץ דערציילן.
וואָס איך וועל לערנען, איך וועל קיין זאך פערפעלן. —

אברהם: שיין — נאָ נעם אבשיעד:

שרה: נאָ קום אַהער מיין קינד — נאָך קישן וועל איך דיך ווידער.

(זי דריקט אים צו צו זיך און באדעקט, אים מיט הייסע קישן
(שייזט)

דו האָסט ערפֿונדן גאָט: — דו ביסט פֿון זיי דער גרעס-
טער!
דו קענסט אים דאָ אויך לערנען — ווו אהין ער דאַרף
ג״ן,
דאָ איז אויך דאָ גאָט ניין — ער גייט נישט — ניין!
(זי קושט יצחק׳ן צערטלעך)
אברהם: זאָל איך מיר דאָס גלייבן — איז דאָס דיין שטימע,
דאָס רעדט מיין ווייב שרה די געהאָרכזאַמע די פֿרומע?
שרה (קוקט אים אָן ווילד) — יאָ!!!
אברהם — — — שרה!
שרה לאָז מיך אַצינד אַליין, — אברהם גייט לאַנגזאַם אַב)
שרה קוקט זיך צו יצחק׳ן מיט איבערגעשראָקענער פֿרייד)
הא — יעצט האָב איך דיך שוין ווידער גלייך ווי נייע
געווינען,
יעצט האָב איך דיך ווידער אויף עס נייע געפֿינען.
זיי מיר מוחל גאָט וואָס איך בין דיין ווילן דערווידער,
די אַליין מאַכסט מיך ציטערן, וואַרפֿסט אַ קעלט אין
מיינע גלידער.
דען ווען דו זאָלסט וועלן ער זאָל פֿון מיר יעצט גיין,
מיין האַרץ צו דערפֿרייען וואָלסטו מיר באַדאַרפֿט אַליין.
דו האָסט דאָך מיר אים געשענקט? — אין דיר איז עס
דאָך געווענד.
נאָז דאַרף איך דיינע מתנה אַרויסלאָזן פֿון מיינע הענד?
יצחק: איך בלייב ביי דיר שוין מוטער — ניין איך גיי נישט
ווייטער,
נאָר זיי שוין רויק, מוטער — און נישט בייז אויף מיין
פֿאָטער
ער איז דאָך אַזוי גוט — ער דערציילט מיר שיינע זאַכן
שרה: ביי מיר, ביי מיר שלאָפֿסטו היינט — ביי מיר זאָלסטו
ערוואַכן —
זי לייגט זיין קאָפּ אויף אירע קני, זיצנדיק אויף דער גראָז-באַנק
אונטערן ב״ם און שלעפֿט אים איין.



יצחק זינג מיר מוטער דאָס שיינע ליד אַצינד,
ווי דו פֿלעגסט מיך פֿאַרוויגן נאָך אַלס קליין קינד.

1.

שרה (זינגט) אוי גאָטעניו טייערער, טייערער גאָטעניו.
געלויבט וואָס האָסט אין מיר געדענקט,
בת תשעים שנה,
דאַנקט דיר יעצט פֿאַר דער מתנה.
וואָס דו האָכט אויף דער עלטער איר געשענקט.
מען וועט פֿון מיר נישט לאַכן,
נישט מער חוזק מאַכן.
זעט ווי ש״ה,
די עקרה.
וויגט איר איינציק קינד.

2.

אוי זינעניו טייערער, טייערער זינעניו.
מיט לאַנגע יאָרן נאָר זאָלסטו זיין ביי מיר.
אין גאָט, זאָלסטו גלייבן,
וועסטו לאַנג לעבן.
בענטשן וועט זיך די גאַנצע וועלט אין דיר.
גרויס וועט זיין דיין נאָמען,
פֿון דיר וועלן פֿעלקער שטאַמען.
דער אל שדי,
וועט בוודאי,
האַלטן וואָרט מיין קינד,
שלאָף זשע שלאָף מיין זינעניו
דיך וויגט דיין מוטער שרהלע.
גאָט דער גיטער,
איז דיין היטער,
שלאָף זשע שלאָף געזינד.
זיי ווערן באַלד אַנטשלאָפֿן, יצחק אין די אָרעמס פֿון זיין מוטער,

אין אינטערגרונד פאַנגט אָן לאַנגזאַם צו טאָגן, אברהם ערשיינט לאַנגזאַם גייט צו שטיל, לייגט לאַנגזאַם אַוועק שרהס האַנט נעמט אָן יצחקן און טראגט אים שלאָפנדיק אַוועק אויף די האַנט. אין אינטערגרונד ווערט דער הימעל רויטלעכער ביז עס באַווייזן זיך די שטראַלן פון דער זון, שרה פאַנגט אָן, לאַנגזאַם צו ערוואכן, זי פילט עס פעלט איר עפּעס אין די הענט, זי דערשרעקט זיך. רייבט די אויגן, קוקט זיך אום אויף אַלע זייטן, און שרייט פאַרוווּנדערט:

וואו איז מיין קינד? — ווער האָט געקענט,
אַוועקנעמען אים פון מיינע הענט!
יצחק אברהם—אליעזר—ישמעאל — נישטאָ קיינער,
ע, מענטשן, דינער, הירטן — לאָז זיך אָנרופן איינער!
כאָר לויפט אריין
אַ ל ע  וואָס איז,
ש ר ה  וואו איז יצחק, אברהם, ישמעאל זאָג!
א יי נ ע ר  איך האָב זיי אַלע געזעען אַוועקגיין פאַרטאָג.
צום באַרג מוריה געוויס דאָרט דינען גאָט,
אַזוי האָבן אַלע אַ ידיעה געהאַט.
ש ר ה: געלאסן, און דאָך פאַרוווּנדערט. שטיל, גאָט דינען! — איז דער
חלום אמת אָדער נישט!
וואָס איך האָב געחלומט ווען איך בין געשלאָפן די מינוט!
איך זע אין חלום ווי מיין מאַן אין אַ מאָרגן-פרי,
לערנט אונז גאָט דינען. מיר פאַלן אַלע אויף די קני.
און בעטן צום אל שדי — מירריידן נישט נאָר זשומען,
און זאָגן נאָך אינדערשטיל יעדעס וואָרט נאָך אברהמען.
עס ווערט אונז אויף דעם האַרצן אַזוי גוט אַזוי טייער,
און ביז אויף דעם מזבח האָט אויסגעברענט דאָס פייער,
שטייען מיר אַלע אויף מיט פריילעכע געמיטער,
און אַ מאָלצייט ווערט געגעבן פאַר אונזערע לייט אַגוטער.
און פון ווייטן שטיפן די קינדער יצחק און ישמעאל,
און שפילן זיך און קריגן זיך — ווי איך הער מיטאַמאָל.
זאָגט ישמעאל צו מיין קינד: איך בין עלטער פיל פון דיר
און אַז די אַלטע וועלן שטאַרבן קומט די ירושה מיר.



און יצחק ענטפערט אים — ביזט עלטער טאַקע אין יאָרן,
נאָר דו ביזט נישט דער זון פון מיין מוטער שרהן.
עס וועט קיין ענדע נעמען זאָגט ישמעאל — דאָס זע איך,
מיר וועטן זיך ווער שנעלער וועט שטעלן אַ מזבח.
און מען צעלויפט זיך שנעל — און מען טראָגט צונויף
שוין שטיינער,
און יעדער מאַכט אַ הויפן — נאָר שנעלער אַרבעט איינער.
ישמעאלס ווערט פאַרטיק גיכער — און אויך גרעסער,
ער לייגט אַרויף אַ שאָף — און נעמט אַרויס דאָס מעסער,
און ווי ער וויל קוילען דאָס שעפעלע — הייב איך אָן
צו שרייען:
האַלט-איין דיין מעסער מערדער! דו פאַרפלוכטער קין.
דיין ברודער ווילסטו קוילען, וואָס ווילסטו טון,
דאָס איז נישט קיין שאָף, דאָס ליגט יצחק מיין זון.
הילף, הילף! אברהם, אליעזר דינער געשווינד,
קיינער רופט זיך אָן — מען קוילעט יעצט מיין קינד.
איך וויל שרייען — געליימט ווערט מיר די צונג —
איך קען נישט,
איך וויל לויפן — די פיס ציטערן — איך פאַל! — אין
דער מינוט,
פיל איך ווי מיט אַ צערטלעכער האַנט נעמט מיך יעמער
אַרום,
און זאָגט מיר: — דאָס בין איך דיין זון יצחק קוק דיך
מוטער אום.
זע ווי מלאכים היטן מיך, מוטער האָב קיין מורא.
דיין זין באַשיצט יעצט גאָט, ווייל ער לערנט תורה.
מיט אַ פריילעכע טרייסנדע מינע
האַ! — לצרן דיך ווייטער לערן, זיי אַ פרום ערלעך קינד,
און קום צוריק צו דיין מוטער — אָ, לייכטער איז מיר
אַצינד.
האַ! איך בין שוין ווידער מונטער.
זינגט און טאַנצט מיט מיר — אַ מאָל-צייט וועל איך געבן,

מיין זין לערנט דאָרט תורה—לאָמיר בעטן פאַר זיין לעבן.
אַלע נעמען פאַקעלן אין די הענט, שרהן גיט מען אויך איינס, זי זינגט און טאַנצט אַ באַגאַטינעו סאָלידן טאַנץ.

1.

שרה: לאָמיר אַלע בעטן אונזערן בורא,
פאַר דעם לעבן פון מיין קינד,
ער לערנט זיך דאָך גאָטעניו נאָר דיין תורה.
שיק-זשע אים דיין ברכה און געזונט. כאָר איבערחזרט

2.

שרה: זינגט-זשע גוט, זינגט מיט מיר צוזאַמען,
טאַנצט-זשע גוט, טאַנצט-זשע גוט נאָר נישט רירן.
אַז ווייל איז דעם טאַטן און גוט איז דער מאַמען!
וואָס גאָט בענטשט זיי מיט אַזאַ זון. כאָר איבערחזרט.

3.

שרה: נאָכגיין נאָך אים,
זאָלן מלאכים,
אים צו באַגלייטן אין זיין היים. כאָר איבערחזרט.
שרה: איבערחזרט נומער 2 — דערנאָך נומער 1
שטן (לויפט אריין מיטן טאנץ) שרה! דיין זון יצחק איז געשטאָרבן.
שרה: (בלייבט שטיין גלאָצט אויף א פאָר אויגן, לאָזט ארויס א ווילד געשריי און פאלט טויט). אלע פאלן אויף די קני און ריסן א פלאַסק מיט די הענד.
שטן שעור! — אלע ווענדן די קעפּ צום שטן.

דער פארהאנג פאַלט לאַנגזאַם.



# פערטער אקט.

שטעלט פאָר א איינפאַכע טאבלאָ האָריזאנט, צילע ווען פערלוירן זיך אין ווייטע געבירגן, אברהם גייט פריער אלס וואנ־דערער געקליידעט, יצחק אויך אזוי געקליידעט גייט אים נאָך.

יצחק (פרעגט זינגענד) ליבער פאָטער אָך זאָג מיר איך פרעג דיך אַצונד,
אברהם: נאָך פרעגסטו מיך און פרעגסט מיך וואָס ווילסטו קינד.
יצחק: ליבער פאָטער אַך זאָג מיר דער וועג איז נאָך לאַנג,
אברהם: ווי קען מען מיין קינד וויסן ציילן דעם גאַנג.
יצחק: (נאך א ן פויזע נאכדענקענד) אָך זאָג מיר פאָטער ליבער איך פרעג אַ צינד,
אברהם: נאָך פרעגסטו מיך וואָס ווילסטו קינד.
יצחק: אַך זאָג מיר פאָטער ליבער איז ווייט דער ציל,
אברהם: ניין קינד גיין דאָרט מען שוין גישט מער אַזוי פיל.
יצחק: (פראזא) זאָל איך דיר זאָגן פאָטער וואָס איך קלער אַזוי לאַנג?
אָדער וועסט אַליין טרעפן וואָס מיר טוט עפּעס באַנק.
אברהם פויזע
— — — וואָס עס איז נישט אַז ווען איך הייב אָן צו דענקען,—
אַז מיין ליבע מוטער וועט נאָך מיר אַזוי בענקען.

אָן ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און מיך נישט געפונען.
זי האָט געוויס געוויינט — אָדער אַראָפּ פון זינען?!
(אברהם פויזע)

— — — אָבער אַז איך קען נישט תורה און צוריק
אהיים גיין,
אַ יאָ פּאָטער, וועט זיך די מוטער מיט מיר פרייען!

אברהם: פון מוטער און פּאָטער איז נאָך פיל ליבער — קינד!
דאָס איז דער אַלמעכטיגער גאָט וואָס כ׳מוז גיין צו אים
בעטן אַ צונד,
ער איז דער פּאָטער איבער אַלע פּאָטער, מיין נשמה
ער האָט אַריינגעבלאָזן אין דיר דיין נשמה נאָך אין דיין
מוטערס בויך.
ער האָט דאָס לעבן אונז אַלע געגעבן — נאָר אין אים
דאַרפן מיר דענקען,
און אויסער אים — איז נישטאָ נאָך וועמען צו בענקען. —

יצחק: אָ שיין מוז זיין די תורה איך וועל זי לערנען מיט
חשק דאָרט
קום לאָמיר גיין שנעלער צום באַשטימטן אָרט.
(ער דערזעט אן אלטן)

שטן: (פארשטעלט אַלס אלטער) וווהי׳ן גייסטו מיין קינד? — זאָג
האָב קיין מורא?

יצחק: צו דעם באַרג מוריה דאָרט לערנען מיר תורה.

שטן: ווילסטו נאָך לערנען ווען דיין לעבן איז נאָך שולם,
אָדער נאָך דיין טויט ווען דו וועסט שוין זיין געקוילעט?

יצחק: ווי אַזוי גאָט וועט וועלן, דאָס איז זיין זאַך,
ביים לעבן וועל איך לערנען דאָ מיט אַלע גלייך.
און נאָך מיין טויט ווען איך וועל אין הימל אַריינגיין,
וועט דאָרטן מיט מיר דערגיין מיין ליבער גאָט אַליין.

שטן (ווענדעט זיך אָפּ פון אים און פאריייניגט זיך מיט אברהמ׳ן)
וווהין גייסטו אברהם איך וויל דיך באַגלייטן,

אברהם: צום באַרג מוריה דאָרטן גאָט צו בעטן.



שטן: און צו וואָס פירסטו חאָלץ און פייער מיט מיט
זיך,
און צו וואָס דאָס מעסער פארשטעקט אין דיין דיך?

אברהם: אפשר וועל איך לענגער דאַרפן פארבלייבן אויף
דעם אָרט,
וועל איך אונז אַלע עסן אָפּקאָכן דאָרט.

שטן: מוב מום — אַזוי אַן אַלטער ווי דו ביסט נעם נאָר
אין זינען.
אויף דער עלטער האָט דיר גאָט געשענקט אַזאַ זון.
גייסטו אים קוילן — וועט דיך גאָט נישט שטראָפן
דערפאַר?

אברהם: גאָט האָט מיר געהייסן — אַוועק אַלטער נאַר!
(שטן ווערט פארשוואונדן)

יצחק ליבער פּאָטער איז דער וועג נאָך לאַנג?

אברהם (זינגט) נאַריש איז קינד יעצט דיין פראַגע,
עס דאַרף מער נישט דויערן קיין איין טאָג.
ביז מיר וועלן דערגרייכן אונזער ציל.
פירן וועט אונז גאָט אַליין,
אויף דעם וועג וואָס מיר דאַרפן גיין.
קום נאָר מיין ליב קינד (יצחק) עס גייט יעצט דיין ליב
קינד,

דינען גאָט אַצינד.
צום הייליקן אָרט,
תורה לערנען דאָרט.

אברהם: קום נאָר יעצט אויף גאָטס באַרוט,

יצחק: איך גיי איך גיי אויף גאָטס באַראָט.

אברהם: זע מיין קינד, פערליר נישט קיין מוט,

יצחק: ניין פּאָטער, איך פאַרליר נישט קיין מוט
פערליר נישט קיין מוט!... (ביידע אָב לינקס)

ישמעאל: (פירט דעם אייזל).
קום אהער מיין בעסטער חבר, קום קום מיט מיר,
נאָ דיך האָב איך ליב, איך האָב נחת פון דיר,

דו ביסט שטענדיק פריילעך, מען הערט דיך נישט טרויערן,
מען זעט דיך נאָר גענעצן און טרייסלען מיט די אויערן
דו מאַכסט נישט חוזק פון מיר, פון דיר הער איך קיין בייזער.
אַ! אַנקוקן קען איך נישט דעם משרת אליעזר.
שטענדיק איז ער פאַרוויינט בייז און צוטראָגן,
אַז מען פרעגט אים וויל ער נישט ענטפערן — נישט זאָגן.
לאָמיר אים אויך אָפּטון אַ שפּיצל מיין פריינד,
נישט ענטפערן אים קיין וואָרט, זיך מאַכן איין האַנט.
דערפאַר וועסטו האָבן ביי מיר אַ סך האָבער און גראָז,
אַז איך וועל ווערן איבער אַלעמען באַלד אַליין בעל הבית.
ווייל — לויט דיין קאָפּ און מיין קאָפּ איז נישט קיין קליינער,
איז מיר איינגעפאַלן, ווי זאָגט מען עס — אַן איינפאַל אַ שיינער.
אַז דער אַלטער האָט יצחק׳ן איינגאַנצן פונדערהיים אַוועק גענומען.
און וועט שוין נישט דערלעבן קיינמאָל אַהיים צוקומען.
אַ יאָ?
א ל י ע ז ר: (הערט די לעצטע ווערטער — אין דער בייז האַלבלויט גלייך ווי צו זיך אליין).
אָ שוויג דו זון פון דער שפחה דער געמיינער!
(ישמעאל ווינקט צום אייזל און פאַרבייסט צונייעם מיט די ליפּן און צייגט אים מיטן פינגער אויפן מויל ער זאָל נאָר שווייגן — נישט ענטפערן אים אַ וואָרט):
א ל י ע ז ר נישט דערלעבן וועסטו — נישט דערלעבן וועט קיינער!
(ישמעאל — צוזעצטע רייד! נאָר, טסי!)



זאָל אַברהם׳ס פערמעגן געניסן די גאַנצע וועלט,
נאָר נישט דער וואָס קוקט אַרויס אויף יצחק׳ס טויט און קוועלט,
(ישמעאל — טסי! קיין וואָרט — דו הערסט)
פריי דיך ווילדע בריאה פריי דיך מיט דיין גליק,
אָ וועט אברהם נאָר אָן יצחק׳ן זיך אומקערן צוריק.
וועל איך שנעל לויפן און אָפּזוכן דאָס הייליגע אָרט,
ווי דאָס קינד האָט דעם לעצטן אָטעם אויסגעהויכט דאָרט
ווי אַ דאָרשטיקער הירש וועל איך פון דער ערד זיין בלוט אויסלעקן,
און דערנאָך — דערנאָך — מיט מיין טויטן קערפּער זיין אַש צודעקן.
(די שטעלע זאָגט ער געלאַסן)
נאָר פריער מוז איך דיך ווילדע בריה טייטן,
ווי אַ שרץ וועל איך דיין גוף מיט די פיס צו טרעטן,
(ישמעאל נישט דערלעבן וועט ער עס)
נישט זוכה זיין אַפילו פאַר קיין עולה — יאָ זאָ זייעס!
דעם רייכן עושר זאָלן ירשענען די ווילדע חיות. (אָב)
י ש מ ע א ל: (אַלץ צום אייזל) טסי! — נאָר נישט ענטפערן — לאָז ער ריידן צוזעצטע רייד!
רוף אים נישט צוריק! — לאָז ער גיין אין צרות און אין לייד!
ס׳זאָל דיך גאָר נישט אַרן — לאָז דיר נישט צו נאָר קיין צרות,
וואָס הערסטו אים — ער איז דען מער ווי אַ משרת.
ווער קען אים — ווער ווייסט אים, ווער מאַכט זיך פון אים נאָר,
איך שווער דיר אַז מיר זאָלןביידע האָבן אַזאַ יאָר.
דו האָסט אַ גרעסערן נאָמען אין דער וועלט ווי ער,
מען לאָזט דיך נישט אַרויס פונ׳ם מויל — מען קען דיך פיל מער,

אַז מען וויל אַמאָל פאַרגלייכן אַ למדן, אַ גרויסן מאַן —
אַ גביר.
פאַרגלייכט מען אים נישט צו קיין שום חיה ווי נאָר צו דיר,
מען זאָגט נישט למשל אַז דער און דער נגיד איז א גרוי־
סער לייב אָדער עלפאַנט,
מען זאָגט ליבער אַז ער איז אַ גרויסער אייזל -- יאָ, יאָ,
מיין פריינט!
ביי די מענטשן איז אויך דאָ אייזלען וואָס קייען שטרוי
ווי דו.
אָט וועל איך דיר אביסל אויסרעכנען — הער זיך נאָר
גוט צו. —

1.

זעט נאָר דאָרט דעם אַלטן מאַן,
צוויי ווייבער שוין באַגראָבן,
יעצט וויל ער נאָך קליגער זיין,
אַ דריטע וויל ער האָבן...
ער קויפט אַ קינד
שיין, יונג, געזונד,
פאַר פיל געלד ווערט זי זיין ווייב,
דאָס ווייב דאָס נייע,
שווערט אים טרייע,
און ער גלייבט איר דער אַלטער שקאַרב,
קיין יאָר איז נאָך אַפילו נישט פערפלויגן,
זיצט דער אַלטער מיט פערוויינטע אויגן,
„אַך מיין ליבע טרייע רייזל,
איז אַנטלאָפן מיט אַ גוי!״ — *)
אַ מצוה אויף דיר אַלטער אייזל,
יעצט גיי קייען שטרוי! —

---

*) „גוי״ — הייסט א מענטש פון א פרעמדער נאַציע —



2.

איך האָב געזען אַ רייכן מאַן,
ער האָט געלעבט ווי אַ מלך,
נישט געשטיצט האָט ער קיין אָרימאַן,
אַזוי ווי איך דערצייל אייך,
מיט פראָצענט,
האָט ער געקענט.
באַראַבעווען אַ האַלבע וועלט,
און האָט ממילא,
פון גזילה,
אָנגעזאַמלט זיין גאַנץ געלד,
אין אַ יאָר אַרום, האָט ער פאַרלוירן אַלעס,
געבליבן איז אים נאָר אַ גרויסער דלות,
ער לאָזט שוין יעצט אַראָפ זיין נעזיל,
עס איז אים וויי און אוי,
גיי רעכט אייך אַזאַ רייכער אייזל,
זאָל גאָר קייען שטרוי.

3.

זעט נאָר דאָרט דעם יונגן יאָלד,
ער האַלט זיך פאַר אַ קלוגן,
איר קענט אים נאָר מיט פיל גאָלד,
פאַר איין איידעם קריגן,
קומט אַ גביר,
און זאָגט צו אים פיר.
ער גיט אים געלט אַ פולן טאָפ,
אַבי ער זאָל נעמען,
זיין טאָכטער טעמען,
און איר צו דעקען גיך דעם קאָפ,
די אַלטע מויד האָט שוין געהאַט אַ פאָרל פריר,
און האָט קיין גראָשן — דעם סוד חייסט נישט ער, נאָר מיר,
אַבי ער נאָר צובריכט דאָס גלעזל
באַזינגען מיר אים אַזוי:

„מזל טוב" דיר יונגער אייזל,
יעצט גיי קייען שטרוי!

4.

(די סטראָפע איז געמאַכט פאַר דעם קאָמיקער צום פּובליקום — פאַר ביס)

ליבע געסט מיר ד'אַנקען אייך,
וואָס איר בעזוכט אונז גראַדע
איך בעט פון אייך יעצט נאָר איין זאַך,
מיט מיין קאָמעראַדע, (ער ווייזט אויפן אייזל)
צו דער קאַסע,
אין גרויסער מאַסע,
אַז איר וועט קומען אָפטער אַהער,
אויב איר ווילט אונז רעטן,
זאָלט איר בילעטן,
נישט קויפן ביי קיין קאָנטראָלער,
איר ווייסט דאָך: שפּילן איז אַ גרייסע פלאַן
און אַז איר וועט געבן קאָנטראָלירן שפּאַנע,
וועט אונז נישט בלייבן אַפילו אַ ברייזיל,
צו פאַרפאַסן אוי,
און איך וועל מוזן מיט מיין אייזל,
די נייע קייען שטרוי. —

(ער גייט אפּ לינקס מיט דעם אייזל)

---



# פערוואַנדלונג

(שטעלט פאַר דעם בארג מוריה — אויף דעם שפּיץ לייכט אַן עלעקטרישער שטראל — לינקס לעבן דער קוליסע ביי דער ערד, שטייט די גרופּע אין דער ארדנונג: יצחק, אברהם, אליעזר ישמעאל האלט ביי דער צוים דאָס אייזל)

**א ב ר ה ם** (צו עליעזרן) קוקט איך נאָר צו העט ווייט אויף דעם אָרט,
און זאָגט מיר! — וואָס זעט איר עפּעס דאָרט.

**א ל י ע ז ר** איך זע גאָרנישט.

**י ש מ ע א ל** שאַט! איך זע — אויך גאָרנישט — פאָרט,
(צום אייזל) דו זעסט עפּיס? — ניין — ער זעט אויך נישט ניין —

**א ב ר ה ם** (צו יצחקן) און דו יצחק זאָג דו — קענסט אויך נישט זעען!

**י צ ח ק** איך זע דאָרט ווי אַ ליכטיקן שטראַל — ווי פון דער זין!

**א ב ר ה ם** — — — געצוג: — קום מיין זון! —
(צו אליעזרן און ישמעאלן) איך און דאָס קינד דאַרפן מיר גיין אַהין גלייך.
און איר — ביז מיר וועלן זיך אומקערן צו אייך,
זיצט און וואַרט דאָ אויס מיט דעם אייזל.

(וואָרום ער נעמט אראָפּ פון דעם אייזלס ריקן דאָס האָלץ מיט דעם פייער מיט דעם קריגל בוימל — פאלט אליעזר אויף די קני קישט אברהמען די זייט פון זיין קלייד און וויינט מיט איין איינגעהאַלטענעם דערשטיקטן אָטעם און מאַכט אַ מינע פון אַ געבעט — אברהם שטויסט אים צוריק מיט אַ בליק פון פאַרוואורף נעמט יצחקן ביי דער האַנט און גיין ווייטער — אליעזר בלייבט ליגן מיט דעם פּנים צו דער ערד און האַלט אין איין כליפּען)

ישמעאל (ווידערהאָלט אברהם'ס לעצטע ווערטער רעדנדיק צום אייזל)
און איר — ביז מיר וועלן זיך אומקערן צו אייך,
זיצט און וואַרט דאָ אויס מיט דעם אייזל!" —
מיט דעם אייזל! — דו הערסט! דאָס זאָגט אַליין דער
פאָטער,
נישט מיט דעם משרת — אים הערט ער ווי דעם קאָטער
נאָר נישט ענטפערן אים — לאָז ער ליגן אין דער ערד
מיט דער נאָז.
און מיר וועלן זיך אויסרוען אַביסל דאָ אויף דעם גראָז.
שטיי: — עס פעלט מיר עפעס איין — הז דער מות
איז שמאָל!
עפיס דרייט זיך מיר אין די גיהירן קשיות אָן צאָל...
אפשר ווייסטו דאָס רעטעניש — חכם — נאָ, זאָג! וואָס!
זיי גיין ברענגען אַ קרבן — ווי איז זשע ערגיץ דאָס
דאָס?
יאָ! האַ — ווי איז ערגיץ דאָס, דאָס לעמעלע! דער
ווידער?
אַנאָ? ענטפער — דו האָסט טאַקע איין אייזלנעם קאָפּ
ברידער!
ס'איז דאָך פשוט נישט שיין פון דיר — האָסט אַ קאָפּ
ווי אַ פּאָס
מיט אַזוינע לאַנגע טייערע אוירן — עס איז דאָך קיין
שפּאָס.
און זאָלט נישט אויסקלערן וווהין פירט מען דעם קליינעם.
נאָ ווייסטו וואָס? — לאָמיר ביידע קלערן אין איינעם —
(ער לייגט זיך אויף דעם גראָז, האַלטענדיק ביי דער צוים דעם
אייזל — ווערט אזוי לאַנגזאַם איינגעשלאָפן, אליעזר הייבט אויף
דעם קאָפּ פון דער ערד און ליגענדיק פאַרשט ער מיט זיין בליק
אין דער ריכטונג — ווי אברהם שטייט מיט יצחק'ן)
יצחק (בעפאַר זיי גייען אַרויף אויף דעם באַרג) — פאָטער!
אברהם — — איך בין עס!



יצחק — — — — פאָטער!
אברהם — — — — וואָס איז וואָס?
יצחק מעג איך פרעגן?
אברהם — — — פרעג!
יצחק — — — — וואָס איז דאָס?
מיר האָבן אַלעס: דאָס פייער, דאָס האָלץ צו דער עולה,
און ווי איז דאָס וויכטיגסטע — דאָס שעפּעלע דאָס ווילדע?
אברהם דו ווייסט דאָך, אַז צום גרויסן גאָט גיכער די גאַנצע
וועלט,
ער האָט שעפּעלעך אַ סך; נאָר דאָס, וואָס אים געפעלט.
דאָס, וואָס ער אַליין הייסט זיך ברענגען פאַר אַן עולה,
איז פון אַלע דאָס ליבסטע, דאָס הייליקסטע, דאָס
ווילע! —
יצחק און ווי איז דאָס ליבסטע? — איך וואָלט געוואָלט דאָס
זער זיין!
דאָס הייליגע וואָס גאָט האָט דאָס אויסגעוועהלט אַליין?
אברהם נאָ! און ווען גאָט זאָל אויסוויילן — דיך!
יצחק: (דערשראָקן — און עטוואָס אין אַ קינדישער נאַאיווער פערלעגנהייט)
מ-מ-מיך?
אברהם יאָ! פריי דיך, מיין קינד, וואָס גאָט האָט אויסגע-
ווײלט דיך,
צו הייליקן זיין נאָמען און רופט דיך אין הימל צו זיך...
דיין כשר נשמה'לע וועלן דאָרט די מלאכימלעך אומ-
פאַנגען,
מיט פריילעכע טאַנץ, שפּילן און געזאַנגען,
וועלן זיי דיך צו פירן צום כסא הכבוד פון דעם מלך
מלכי המלכים.
און גאָט אַליין וועט דיך בענטשן לעבן זיי זענען,
און וועט דיך קישן פאַר אַלע און זאָגן צו זיינע
מלאכים
דאָס איז מיין הייליק קינד זיך געאָפּפערט פון מיינעם
ווען!!! —

י צ ח ק (מיט פריילעכער האלב וויינענדיקער שטימע).
מיך וויל דער גרויסער גאָט איך זאָל זיין פאַר אים עולה
ווייל איך דאָס זיין, זיין שעפעלע דאָס הייליגע, דאָס
ווילע ?!...
(עטוואָס מונטער) קום פאָטער און בינד מיך שנעל — נעם
פאָטער און קוילע !...
א ב ר ה ם (קישט אים אויף זיין שטערן — מיט איינגעהאַלטענע טרערן)
אָ מיין טייער הייליק קינד ! (זיי גייען ארויף אויף דעם באַרג
י צ ח ק: שטאַרק זאָלסטו מיך בינדן פאָטער ! — פעסטער, פעס-
טער בינד
א ב ר ה ם: דו ווייִנסט ?
י צ ח ק: איך ? (פערלעגן) איך פריי מיך — נאָר — די מוטער,
(ער וויינט — וואָרום אברהם דיכטעט אַלעס צום אַלטאַר)
א ב ר ה ם (זינגט) נאָ — מיין קינד דאָס ווילע,
מאַך דיך פאַרטיק צו דער עולה,
זיי באַהאַרצט און מאַך דיך גרייט,
זאָג פאַר גאָט דיין לעצטס פרום געבעט,
(ביידע) גאָטס ווילן, גאָטס ווילן איז דאַביי ? —
1. סטראָפקע.
י צ ח ק: אוי פאָטער — אוי פאָטער — וואַרט נאָך איין מינוט.
ווי מיר, ווי מיר, ווי מיר און ביטער,
וואָס וועט יעצט טון, מיין טייערע מוטער !
וואָס וועט פון איר ווערן,
אַז זי וועט דערהערן,
וואָס דאָ איז געשען, — אוי
אַז זי וועט נישט מער זען,
איר קינד וואָס זי האָט געבוירן צו ניינציק יאָר !
2. סטראָפקע אברהם נאָ...
אוי פאָטער — אוי פאָטער — וואַרט נאָך איין מינוט.
ווי מיר, ווי מיר, ווי מיר און ביטער,
טרייסטן ווער וועט, מיין טייערע מוטער,
זי פלעגט זיך דערקוויקן,



צום האַרצן מיך צודריקן,
אוי זיס איז דער נגון,
ווען זי פלעגט מיך פאַרוויגן,
איר קינד וואָס זי האָט געבוירן צו ניינציק יאָר,
(ער ווידערהאָלט זינגענדיק אַ וויגליד)
גרויס וועט זיין דיין נאָמען
פון דיר וועלן פעלקער שטאַמען,
דער אל שדי,
וועט בוודאי,
האַלטן וואָרט מיין קינד,
שלאָף זשע שלאָף מיין שרה׳לע,
דיך וויגט דיין מוטער שרה׳לע,
גאָט דער גיטער,
איז דיין היטער,
שלאָף זשע, שלאָף געזונט.
3. סטראָפקע אברהם נאָ...
אוי פאָטער — אוי פאָטער — וואַרט נאָר איין מינוט !
פאָטער גוטער ! איך בעט זאָלסט מיך הערן:
ווען מיין גוף וועט דאָ — באַלד פאַרברענט ווערן,
נעם אין דיין טאַש,
אַביסל אַש,
באַהאַלט אין אַ בעכער,
מיין מוטער צום זכר.
פון איר קינד וואָס זי האָט געבוירן צו ניינציק יאָר !
ד ו ע ט (אברהם צוזאמען מיט יצחקן) (אין דער צייט בינד אים אברהם)
א ב ר ה ם: גענוג געוויינט געקלאָגט זיי נאָר באַהאַרצט טייער
איינציק קינד
י צ ח ק גענוג געוויינט פאָטער איז דאָך באַהאַרצט יעצט דיין
איינציק קינד,
ב י י ד ע גאָט פאָלגן דאַרף מען דאָך, דאָס איז זיין ווילן אַצונד.
י צ ח ק — — — נעם קוילע ! (ער לייגט זיך ליגענדיק מיט דעם קאָפּ
צום פובליקום)

**אברהם** (געריערט — ריקט זיך אָפּ אַביסל ווייטער פון דעם אלטאַר — פאַלט אויף די קני די האַנט צו גאָט אויפהייבנדיק) (מיט געלאַדענער טיפער שטימע)

אַלמעכטיקער גרויסער גאָט שעפער פון דער וועלט!
וואָס ליכט און לעבן און וויסן נאָר פון דיר עס קוועלט,
טיילסט אויס לעבן דעם לעבעדיקן אויף אַ טערמין אַ געוויסן,
דאָס איז דיין סוד קיין מענטש קען דאָס נישט וויסן.
דו האָסט מיר דעם משכון געגעבן — ניין ער איז נישט מיינער,

(ער הייבט זיך אויף און גרייפט דאָס מעסער וואָס העגנט צוגעבונדן צום גאַרטל)

דו פאָדערסט אים צוריק! — נעם אים אָפּ! — ער איז דיינער!

(ער הייבט אויף דאָס מעסער און וויל צוגיין — בלייבט אבער פּלוצלינג שטיין; ווייל ער דערהערט)

**יצחק**'ס שטימע פאָטער! —

**אברהם** לאָזט ארויס דעם מעסער. פאָטער. — איך בין זיין פאָטער — נאָ? וואָס האָב איך מיך דערשראָקן,
און דאָס איז מיין קינד! — נאָ וואָס בין איך געבליבן שטעקן?

(פויזע — נאָכדענקענדיק)

„— קח נאָ את בינך!" נעם דיין אייגן קינד דאָס ווילע,
האָסטו מיר גאָט געזאָגט — און ברענג מיר אים פאַר אַן עולה.
איך אַליין זאָל אים ברענגען — זיין פאָטער — קוילן זאָל איך אים?!... (פויזע)
האָסטו דען דאָס נישט געקענט אויספירן דורך אַנדערע שלוחים?...
נאָר זיין פאָטער זאָל לייגן די האַנט אויף זיין קינד און... און זאָל נישט ציטערן?!...
יאָ! נאָר אברהם קען אויסהאַלטן אַזאַ קאַמף אַזאַ ביטערן,



זיין האַנט האָלט פעסט דאָס מעסער! — ניין זי ציטערט נישט,

(ער שווינגט דאָס מעסער)

(געלאַסן) זי וואַרט נאָר אויף דיין ווינק! — ווייל עס איז נאָך צייט איין מינוט,
טאָמער האָסטו מיר עפּעס נאָך צו בעפעלן... זאָג גרויסער הערשער מיינער,
יעצט בין איך שוין מער נישט איך — יעצט בין איך אינגאַנצן דיינער!... (פויזע)
דאָס מעסער האָט צוויי שאַרפן... איינע גילט פאַר דעם קינד,
די צווייטע קען גילטן פאַר זיין פאָטער... איך בין גרייט אַצינד!...
ווילסטו האָבן צוויי קרבנות?... איין וואָרט דאַרפסטו נאָר זאָגן,

(שווינגט דאָס מעסער)

עס גייט! (לאָזט אַראָפּ די האַנט) נאָך איינס!... מעג איך טייטן דעם זאָמען,
וואָס פון דעם דאַרפן ווי שטערן אַזוי פיל פעלדער שטאַמען?...
אַזוי האָסטו מיר געשווירן!... נאָ... אָבער... יעצט... פונוואַנען?...
ערלויב מיר גאָט איך זאָל דיך אין דיין שבועה דער־מאָנען:
(זינגט) בעדענק נאָר גוט דיין וואָרט וואָס האָסט געזאָגט אַמאָל,
אַז זיינע קינדער וועלן גיין נאָר אָן אַ צאָל
אַז נאָר פון אים, פון אים אַליין פון זיינע זאָמען,
ווי שטערן אין הימל וועלן פעלקער אַרויסשטאַמען,
נאָר פון אים — יאָ נאָר פון אים אַליין,
נאָר פון אים אַליין — אים אַליין. — — (פאַלט אויף די קני)
(בעטנדיק) בעדענק נאָר וויפיל יאָרן איך האָב דיך פאַר אים געבעטן,
ביז דו גאָט האָסט מיר געדענקט דאָס איינאיינציק קינד,

יעצט ווילסטו אַז איך אַליין זיין פאָטער זאָל אים טייטן,
דיין ווילן וועל איך נישט זיין דערווידער אַצינד,
געדענק נאָר גאָט די שבועה,
געדענק נאָר גאָט די שבועה,
בין איך דען נישט זאָג אַליין, אין רעכטן וועג פאַר דיר
געגאַנגען,
(סאָלאָ פלייט) האָב איך דען — נישט פאַרדינט — זאָלסט טון מיין
פאַרלאַנג ?
(ער כאַפּט זיך אויף האַסטיק פון די קני)
נישט פאָרשן דאַרף מען ביי דיר,
נישט פרעגן דאַרף מען, וואָס דו ווילסט טון,
לערנט אייך גלייבן פון מיר!
דו ווילסט! איך געב דיר מיין איינציקן זון,
(ער כאַפּט ארויס דאָס מעסער לויפט צו שנעל ענטשלאָסן —
שטרענגט אויף די האַנט) — נאַ!!! (אין דעם מאָמענט הערט
מען איין מלאך זינגען)
אַבְרָהָם אַבְרָהָם אַל תִּשְׁלַח יָדְךָ אֶל הַנַּעַר,
וְאַל תַּעַשׂ לוֹ מְאוּמָה!
(דער הימל שפאַלט זיך — אַלע מלאכים ערשיינען און זינ-
גען — איינער נעמט ארויס דאָס מעסער פון אברהם׳ן —
איינער בינדט אָפּ יצחקן — אליעזר דערזעט פון הינטן לויפט
ער ארויף פאַר שמחה און קישט צערטלעך יצחקן — שלעפּט
ווידער און לעגט אים אויף דעם אַלטאַר — ישמעאל האָט
זיך אויף און דערזעט העט טאַראַראַ כאַפּט ער שמייסן דעם
אייזל וואָס ער האָט אים נישט אויפגעוועקט). —
(די מלאכים און אברהם און יצחק זינגען ביז צו ענדע
עזי וזמרת יה ויהי לי לישועה!
דער מזבח הים דעם ווידער ברענט אין רויט פייער — אַלע
מלאכים באַלויכטן וויאָלעט פייער.
דער פאָרהאַנג פאַלט לאַנגזאַם

ע נ ד ע

„Akajdas Icchok“

## טעאַטער ביכער ערשינען דורך אונזער פאַרלאַג:

| | | |
|---|---|---|
| 1) | בערעלע באָסיאַק קאַמישע אָפּערעטע אין 3 אַקטן | 1.— |
| 2) | דזשעקעלע בלאָפער " " | 1.— |
| 3) | דאָס זיסע מיידל " " | 1.— |
| 4) | חצקעלע כל בויניק " " | 1.— |
| 5) | מלכהלע סאָלדאַט פאָלקס=שטיק אין 4 אַקטן | 1.— |
| 6) | עקידת יצחק היסטאָרישע אָפּערעטע | 1.80 |
| 7) | שוואַרצע חופה לעבנס=בילד אין 4 אַקטן | 1.— |

### איינאַקטערס:

| | | |
|---|---|---|
| 8) | איטשע מאיר צו די וואַלען | —.50 |
| 9) | דער קליענט ביים פאָטאָגראַפיסט | —.50 |
| 10) | דריי מינוט טויט | —.50 |
| 11) | די יודישע גמינע | —.50 |

Wydawnictwo

**T. Jakóbson M. Goldberg**

Warszawa, Nalewki 35.

Telefon 267-22. P. K. O. 12.505